י. פאליקמאנ

# ליבע אינ פײַער

## פראָנט-דערציילונגענ

אָגיז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1943

# אינהאלט

זײַט




И. Фаликман

ЛЮБОВЬ В ОГНЕ

Редактор А. Фрумкин

Подписано к печати 5/I 1943 г. Л 13212. 5½ печ. листа. Тираж 3 тыс. Заказ 2047

17-ая типография национальной книги ОГИЗ'а РСФСР, треста „Полиграфкнига". Москва, Шлюзовая наб., 10.

# דאָס ייִנגעלע מיטנ פֿײַלנבויגנ

ניט זעלטענער, ווי איינ מאָל אינ כוידעש, אונ אמאָל אפילע אינ
צוויי וואָכנ, נעמט ער אראָפּ פונ דער וואַנט דעמ דיקטענעמ, פּאָלירטנ
עטיודניק אונ ווישט פונ אימ ארומ דעמ שטויב. דערנאָכ צעעפנט ער
אימ, באַקוקט מיט ליבע די פארבנ, די פארשיידענע צינקעווע טוביקעס,
די פּליטקעלעכ אונ פלעצעלעכ אינ זילבערנע פאפירלעכ אונ אינ גיפסע-
נע שיסעלעכ, בלאָזט פונ זיי אויס ווי א שפּרענקעלע. ער באַטראַכט
לאַנג די אלערליי אָכרעס אונ בערלינער לאזורנ, די איידעלע פאריזשער
פּאָל-וועראָנעזנ אונ די וואַנ-דייקנ, די סוריקס אונ סיענעס, אונ דאָס
הארצ זײַנס לעבט אופ מיט א שוינ לאַנג פארגעסענעמ צאפל, ס'קלאפט
שטארקער, אזא זיס קלעמעניש דערפילט ער דאָרט. זײַנע גרויע, אש-
קאָלירענע אויגנ מיט בלוט-אָדערלעכ צעשײַנענ זיכ מיט א פארבאָרגנ
לײַדנשאַפטלעכ פײַערל, עפּעס אזוי, ווי בא א שיקער, וואָס דערזעט א
פלאַש מאַשקע. אונ סע ציט אימ ערגעצ, פּאָטאָפּ איגנאַטיטשנ, ער ווייסט
אליינ ניט וווהינ, — כאָטש וווהינ נאָכ ווײַטער, ווי דאָ, האָט ער זיכ
געקאָנט פארקלײַבנ? עס צעשײַנט זיכ פאר אימ א ווײַטע זונ, ווײַטע
טעג, פארשיידענע וואלד-לאָנקעס, פלויטנ, פארוואָרפענע כוטאָרלעכ, יאַמ-
ברעגנ, שטיינער, מאַנצבלענ אינ שליאפעס, פרויענ אינ וואלנ, וועט-
שערנס, — אלצ, וואָס ער האָט פאר זײַנ לעבנ געמאָלט, אונ ניט נאָר
געמאָלט, נאָר מיטנ אויג אײַנגעזאפּט אפ מאָלנ... ער נעמט מיט א באַ-
זונדערער ליבע אונ צארטקײַט די דינע אקווארעל-פענדזלענ אינ מויל,
ציט זיי דורכ די ליפּנ, באַנעצנדיק זיי מיט שפּײַעכצ, אונ קוקט
דערנאָכ, ווי דינ זיי זײַנענ אונ ריינ; ער באַקוקט די בלײַערס אונ
קוילנ... דערנאָכ הענגט ער אופ דעמ עטיודניק צוריק אפ זײַנ אָרט,
נעמט נאָכ איבערקוקנ די טרײַבלעכ צונויפגעדרייט פּאַפּיר אונ לײַוונט
אונ שטעלט זיי אויכ אוועק אפנ אָרט... אזוי פּאָרעט ער זיכ לאַנג אונ
עס ווערט אינ אימ געשטילט די מוטנע בענקעניש, וואָס באַהערשט אימ
אזוי אלע מאָל, ער ווערט באַרויִקט, אפילע עלטערלעכ-פארטראַגנ, דאָס
פּאָנעמ זײַנס באַקומט א געוויינלעכנ אויסדרוק פונ פארכושטקײַט, ער
הויקערט זיכ אײַנ, ווערט קלענער, ציט אַרײַנ דעמ קאָפּ אַנ די אקסל,

ווי ער זאָל נאָר וועלנ, אַז די גרויע, אָפגעוואקסענע באקנבארדנ זאָלנ דערגרייכנ ביז צומ קאָלנער פונ זײַנ אָפגעריבענעמ מאנטל. נאָר איינס פארבלײַבט אינ אימ דאָכ — אזא דורשטיק, אומפארשטענדלעכ פלעמעלע אינ די אויגנ, א פארשטיקטס, א פארבאָרגנס, אזא, וואָס קוקט ארויס פונ דער סאמע טיפ, נאָר ס'איז דאָ, ס'איז וואכ...

ער האָט געוווינט אינ א הויז פונ געעגטנ שטיינ מיט א הילצערנעמ מעזאָנינ, באמ סאמע ברעג יאמ, עטוואָס אָפגעזונדערט פונעמ ייִשעוו. אינ אָט דעמ גרויסנ הויז האָט פאָטאפ איגנאטיִטש די גרעסטע צײַט פונ יאָר זיכ געפונענ איינער אליינ, אונ די שטילקײַט פונ די צימערנ האָבנ צעשטערט בלויז זײַנע עטוואָס אײַליקע, שארפענדיקע טריט אונ דאָס גערויש פונ די כוואליעס, וואָס האָבנ געהאלטנ אינ איינ אָנלויפנ אפנ ברעג. אפנ צווייטנ שטאָק, אינ מעזאָנינ, האָט מענ זיכ אופגעהויבנ אפ לײַכטע הילצערנע טרעפלעכ מיט א דינער, ווײַסער פארענטשע. דאָרט פלעגט ער גאנצע אָפט שטיינ אפנ באלקאָנ: א פארקלערטער, פאָטאפ איגנאטיטש, דער ווינט פלעגט צעווייענ די פּאָלעס פונ זײַנ מאנטל, אונ עטוואָס אנ אײַנגעבויגענער, א פארגליווערטער, האָט ער, אפנ פאָנ פונ די ווײַטע, בלויע בערג אינ דער ארומיקער וויסטעניש באמ ברעג יאמ, אויסגעזעזנ, ווי א קאפיטאנ אפ א פארוואָגלטער שיפ. אונ אזוי פלעגנ אימ טאקע אמאָל רופנ אינ א שפאס די אײַנוווינער פונעמ קליינעמ ייִשעוו, וועלכע זײַנענ אלע געווענ דוירעסדיקע פישער, — „אונדזער קאפיטאנ". אונ אינ דעמ איז ניט געווענ קיינ טראָפנ שפאָט. פארקערט — אכטונג אונ שטאָלצ. די אײַנוווינער פונ דעמ קליינעמ ייִשעוו, — די פלייציקע, בערדיקע פישער, די דורכגעווייקטע פונ די געזאלצענע ווינטנ אונ יאמ-שפריצנ, בא וועלכע די הערצער, דוכט זיכ, זײַנענ שוינ געווענ הארט אונ פארזאלצנ; די פרויענ זייערע — די נידעריק-וווקסיקע, בונט-געקליידטע, טומלענדיקע, וואָס זײַנענ שטענדיק פארטאָנ באמ זאלצנ די פיש; די אלטע לײַט מיט די ליולקעס אינ מויל — אלטע יאמ-וועלפ — אונ די קליינע קינדער מיט די פאפירענע שיפלעכ — יונגע יאמ-וועלפלעכ, — אלע האָבנ שטאָלצירט מיט דעמ דאָזיקנ מענטשנ, פאָטאפ איגנאטיטשנ, וואָס וווינט אינעמ עקסטנ הויז פונ ייִשעוו אונ וואָס איז ניט אזא, ווי אלע.

שטיל אונ באשיידנ טוט פאָטאפ איגנאטיטש א סאכ אונ האָט שוינ פיל אופגעטאָנ אפ בארימט צו מאכנ דעמ דאָזיקנ ייִשעוו, אזוי, אז ער טיילט זיכ אויס צווישנ אלע אנדערע צענדליקער פישער-ייִשוווימלעכ, וואָס זײַנענ צעוואָרפנ אפנ פלאכנ מיזרעכ-ברעג פונעמ האלב-אינדזל. געפינענדיק זיכ אינ יאמ, איז אָנגענעמ געווענ די היגע פישער פונ-ווײַטנס צו זענ דאָס הויז זײַנס, וואָס האָט זיכ אויסגעטיילט פונ אלע

הײַזלעך פונעם יִשעוו. און נאָך מער איז זײ אָנגענעם געווען צו הערן, ווי די פישער פון אנדערע יִשווים, און מענטשן, וואָס שיפלען זיך סטאַם איִן יאם, אָפּרוענדיקע פון די ארומיקע קוראָרטן, טוריסטן, יאם-לײַט, ווײַזן אָן אַפ דעם דאָזיקן הויז און זאָגן: „אָט דאָרט ווױנט דער קינסטלער איִגנאַטיטש. איר זײַט שוין געווען איִן זײַן מוזיי?” אָדער: „איר האָט שוין געזען „דאָס יִנגעלע מיטן פײַלנבויגן”? ניין? עס לוינט אהין ארײַנקוקן, אומבאַדינגט”.

כוץ אלעמען איז פּאָטאַפּ איִגנאַטיטש געווען לערער פון מאָלן איִן דער היִגער ניט-פולער מיטלשול. ווי אלט און שוואך ער איז ניט געווען, פלעגט ער צוויי מאָל איִן וואָך גיין אהין גוטע אָנדערהאלבן ווערסט צופוס. און יעדעס יאָר פלעגן עטלעכע כעוורע אָפּפאָרן מיט פּאָטאַפּ איִגנאַטיטשעס א בריוו איִן דער ווײַטער, גרויסער יאם-שטאָט אָדעס לערנען זיך מאָלערײַ. ער פלעגט באַגאַבטע קינדער אויך איִן א טעאַטער-שול ארויסבאגלייטן, צו מוזיקער שיקן. אָט אזוי-אָ, א קאַלטבלעכער, אן אָפּגעזונדערטער, פלעגט ער מיט א באַזונדערער וואַרעמקײַט זיך באַציִען צו כעוורע, איִן וועלכע ער פלעגט דערשפּירן עפּעס א פונק. ניט איבערלויבן זײ, ניט צולאָזן צו זיך צופיל, נאָר מיט מערער אכט זיך צוקוקן צו זייער ארבעט, א פּאָר מאָל אײַנלאַדן צו זיך איִן גרויסן הויז, און דאָס האָט זיך שוין גערעכנט פארן גרעסטן קאָוועד. דאָרט פלעגט ער דעם קינפּטיקן מאָלער אָדער שפּילער ארופירן ארויף, איִן מעזאָנין, וווּ די ווענט פונעם היפּשן זאל און די קאָלאָנעס זײַנען באהאַנגען מיט פארשיידענע בילדער און צייכענונגען, וווּ סע שטייען פיל סטאַטועטקעס, פיגורלעך, אומפירן אים צווישן דעם אלעמען מיט א שטרענגן אויסדרוק אפן געזיכט, אָדער פארקערט — לאָזן דאָס קינד אליין אומגיין איבערן זאל. פּאָטאַפּ איִגנאַטיטש פלעגט זיך דעמלט אוועקזעצן אפן טיפן געשניצטן בענקל בא דער טיר, ווי א שוימער, איִן זײַנע מויל-ווינקלען פלעגן זיך אוועקלייגן צוויי טיפע קנייטשן, דעם קאָפּ פלעגט ער ארײַנצִיען איִן די אקסל, די אויגן האָבן געקוקט פון אונטער די געדיכטע ברעמען, א דינער פינגער האָט געקלאַפּט איִן דער פלאַטשיקער פארענטשע, און איִנגאַנצן איז ער געווען אופמערקזאַמקײַט, אָנגעשטרענגטקײַט — ער האָט נאָכגעפירט נאָכן יונגן קינסטלער, וויאזוי ער פירט זיך, וויאזוי ער רעאַגירט אַפ די פארשיידענע זאכן, וווּ שטעלט ער זיך לענגער אָפּ און וואָס ער גייט פארבײַ גלײַכגילטיק — און לויט דעם האָט ער שוין געאורטיילט וועגן יענעמס געשמאַק און פייִקײַטן; פון דעם דאָזיקן באַזוך האָט פיל געקאָנט אָפּהענגען איִנעם לעבן פונעם יונגן גאַסט...

פּאָטאַפּ איִגנאַטיטש איז געווען זייער שטרענג, ער האָט אָבער געקאָנט אײַנזען א טאַלאַנט דאָרט, וווּ אן אנדערער וואָלט אים נאָך ניט אײַנגעזען.

זומער פלעגנ זיכ אהער אינ יישעוו צונויפפאָרנ די שטודירנדיקע פונ מאָלער-אינסטיטוט אונ אויכ די יונגע ארטיסטנ אונ מוזיקער — זײַנע געוועזענע טאלמידימ. אייניקע פלעגנ ברענגענ מיט זיכ אהער, אפנ זו-ניקנ יאמ-ברעג, זייערע כאווײרימ אונ כאווערטעס. עס פלעגנ זיכ צו-נויפפאָרנ אויכ די, וואָס האָבנ שוינ לאנג פארענדיקט דאָס לערנענ אונ ארבעטנ שוינ זעלבשטענדיק. אלע פלעגנ זיי זיכ זאמלענ ארומ פּאָטאפּ איגנאטיטשעס הויז. געוווינט האָבנ זיי אינ דאָרפ בא די אייגענע, אונ אנדערע פלעגנ אפילע וווינענ בא איגנאטיטשנ. מע פלעגט אויס-שטעלנ שטרויענע בעטלעכ, טאָפּטשאנדלעכ, אָנקלאפּנ מאטראצנ מיט יאמ-גראָזנ, צונויפרוקנ אלצ אינ די צימערנ — אונ אזוי-אָ וווינענ דאָרט אלע צוזאמענ, אומגיינ באָרוועס, אינ טרוסיקעס, קלײַבנ יאמ-שטיינדלעכ, גיינ אפּ עקסקורסיעס אינ די נאָענטע בערג אונ דעריקערשט מאָלנ, — פאר-מאָלט דאָ ווו א שטיינ, ווו א בערגל, די הײַזלעכ, די פישער.

צווישנ דער יוגנט איז פּאָטאפּ איגנאטיטש אומגעגאנגענ א שטרענ-גער, א שווײַגנדיקער, נאָר אנ אויפמערקזאמער, אנ אינערלעכ-אויפגעלייג-טער. ער האָט ליב געהאט פונ דער זײַט אָנקוקנ אונ טרעפנ עמעצנ מאָלנ, אָפּשטיינ אזוי היפּש הינטער דעמ מאָלערס פּלייצעס אונ גאָרניעט זאָגנ, נאָר קוקנ. זעלטנ ווענ — דאָס איז געווענ א גרויס גליק — פלעגט ער זאָגנ: „וועכט די דאָזיקע ארבעט לאָזנ בא מיר, אויב דו ווילסט... כ'וועל זי אויפהענגענ אינ מעזאָנינ...“ אונ געוווסט האָט מענ: די ארבעט האָט באקומענ די העכסטע אָפּשאצונג, אויב פּאָטאפּ איגנאטיטש וויל זי אויפהענגענ אינ מוזיי...

אהער פלעגנ, איבערהויפּט זומער, קומענ עקסקורסיעס. זיי פלעגט פּאָטאפּ איגנאטיטש ארומפירנ איבערנ זאל אונ דערקלערנ אלצ קאלטלעכ, קורצ, מיט א באזונדערער פארבאָרגענער ווירדע פונ א מענטשנ, וואָס דערציילט, אייגנטלעכ, וועגנ זאכנ, פונ וועלכע ס'איז שוינ לאנג צײַט געווענ צו הערנ אונ וויסנ. ער פלעגט אײַנקורצנ דערציילנ וועגנ גרינ-טאלנ, באווײַזנ, וועלכע פונ זײַנע ארבעטנ רעפּינ האָט געליבט, וועלכע זײַנע געפעלנ געוואָרנ בלאָקנ, ווו מאיאקאָווסקי האָט זיכ לענגער פאר-האלטנ, אונ דערנאָכ, ווענ ער פלעגט קומענ צומ „יינגעלע מיטנ פײַלנ-בויגנ“, פלעגט ער בלויז בלײַבנ שטיינ אונ זאָגנ: „נו, אָט האָט איר גרינטאלס לעצטע ארבעט — „דאָס יינגעלע מיטנ פײַלנבויגנ“. וועגנ אירע מײַלעס אורטיילט אליינ“. אונ ער פלעגט גיכ אוועקגיינ פונעמ זאל, ווי ניט וועלנדיק הערנ, וואָס מע וועט זאָגנ. ער האָט זיכ געהאט זײַנ מיינונג וועגנ דעמ דאָזיקנ שעדעווער אונ ניט געוואָלט הערנ אפילע קיינ אנדערע צופעליקע מיינונג...

„דאָס יינגעלע מיטנ פײַלנבויגנ“ איז טאקע געווענ א פּראכטפול

ווערק. און ווען דאָס אליין זאָל דאָ זיין אין זאַל, מער גאָרנישט, וואָלט אויך געלוינט פאָרן אהער פון ווייט, קעדיי א קוק טאָן אפ דעם. פון איין דורכויסיקער מארמאָר-שטיק, איז געווען אויסגעהאקט א ווילדער שטיין, אפ וועלכן ס'איז אין נאטירלעכער גרייס אפ איין קני געשטאנען א יינגל, וואָס האָט מיט אן אָנגעצויגענעם פייל פארמאָסטן זיך אין דער ווייט. אין אָט דעם קאלטן שטיין האָט אלץ געלעבט: די האָר אפן יינגעלעס קאָפּ האָבן זיך ווי באוועגט פונעם אומזעבארן ווינט, דאָס פּאָנעם האָט געלויכטן מיט א פארשייטן שמייכל, די אויגן זיינען געווען אָנגעצילט, אינעם גאנצן שטעל פונעם גופל איז געווען בויגעוודיקייט און קראפט, די האנט, וואָס האָט אָפּגעצויגן די פייל, און די צווייטע, וואָס האָט געהאלטן דעם בויגן, האָבן געהאט אין זיך זיכערקייט, פלייס. די סקולפּטור איז געשטאנען גלייך אנטקעגן דער טיר, בא דער קעגניבער-דיקער וואנט פון זאַל. הינטער דער סקולפּטור איז געווען א גרויס פענצטער, פארהאנגען מיט א טונקעלן לייוונטענעם גאָבעלען, ווו ס'איז אָנגעמאָלט געווען א יאם, און דורך דעם פענצטער, דורך דעם גאָבעלען איז אפ דער סקולפּטור געפאלן א מאטע שיין, פון וואָס זי האָט נאָך מער אויפגעלעבט. די סקולפּטור האָט זיך גלייך געוואָרפן אין די אויגן און צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאמקייט פונעם באזוכער די גאנצע צייט, וואָס ער האָט זיך געפונען אין מוזיי. און אלע סטאטועטקעס און פיגורלעך, בילדער און עטיודן, וואָס זיינען דאָ אומעטום געווען צעשטעלט און צעהאנגען, האָבן ווי געהאט אפ זיך די שטילע, צויבערדיקע שיין פון דעם פראכטפולן ווערק „דאָס יינגעלע מיטן פייל-בויגן".

„דאָס יינגעלע מיטן פיילנבויגן" האָט גרינטאל ניט באוויזן פארענדיקן. נאָר קיינער האָט די דאָזיקע פארענדיקטקייט ניט געפילט. פארקערט, עפּעס האָט די סקולפּטור דערפון נאָך געוווּנען, אזוי ווי דווקא ערהייט וואָלט זי געווען פונעם לעבן ארויסגעריסן. ניט פארענדיקט איז פארבליבן דער פארקאשערטער ארבל פון דער רעכטער האנט, וועלכע האָט אָפּגעצויגן די פייל, דער מירמאָר איז דאָרט געווען ניט ארומגעפיילט; דאָס זעלבע אויך בא דעם רעכטן כוס, ווו די קני און דער סאנדאלעט זיינען ווי ארייננגעוואקסן אין שטיין. דערפון האָט זיך טאקע באקומען אן איינדרוק, ווי דאָס יינגעלע זאָל קוים ווילדן שטיין ארויסוואקסן. געווען זיינען נאָך אנדערע דעטאלן ניט ארומגעארבעט. און בא דער זייט זיינען פונקט ווי דאן, ווען גרינטאל האָט אויסגעטאָן זיין ארבעטס-כאלאט און איז ארויסגעגאנגען פון ווארשטאט, געלעגן לעבן דער סקולפּטור די דאָלעטקעס און האמערלעך, — אלץ אזוי, ווי ער זאָל זיך באלד דארפן אומקערן אהער און פאָרזעצן זיין שאפן...

נאָר יאָסיפּ גרינטאַל וועט זיך ניט אומקערן. דאָס האָט דער אַלטער לערער געוווּסט, און טאַקע דערפאַר איז אים אַזוי טײַער געווען אַלץ, וואָס עס איז נאָך יאָסיפן פאַרבליבן, און ער האָט דאָס ניט געטשעפּעט שוין אַזויפיל יאָרן. יאָסיפּ איז אומגעקומען. מיט זײַן ערלעך האַרץ און מיט זײַן טעמפּעראַמענט האָט ער טאַקע ניט געקאָנט אײַנזיצן אין אַזאַ פֿײַערדיקער צײַט, ווי דאַן. אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ בלאַס, איידל געזיכט, מיט אַ קוטשמע שוואַרצע, אומרויִקע האָר אַריבער די אויערן — אַזאַ איז ער געווען צו זײַנע פיר און צוואַנציק יאָר אין יענעם שטורעמדיקן אַכצנטן, ווען ער איז אַוועק מיט דער גרופּע מאַטראָסן אויפן פראָנט. און ער האָט זיך מער ניט אומגעקערט. פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט אים שטענדיק געוואָלט אָנמאָלן, נאָר אַלע מאָל זיך געשעמט עפּעס מוידע זײַן אין דעם זײַן שילער. געווען איז דאָ נאָך איין סיבע, — דאָס האָט ער געוווּסט בײַ זיך, — ער האָט מוירע געהאַט, אַז ס'וועט זיך באַקומען ניט קיין פולווערטיקע זאַך; ער, דער לערער, האָט זיך עפּעס ניט אַלע מאָל געפילט זיכער אין פאַרגלײַך מיט זײַן שילער. אָנגעמאָלט האָט ער אים שוין נאָך דעם, ווי ער האָט באַקומען די שוידערלעכע ידיִעה, געמאָלט לויטן זיקאָרן און טאַקע אין אַ מאַטראָסן-קאָסטיום. ער האָט אים איינמאָל געזען, ווען ער האָט זיך אָנגעטאָן ווי אַ פישער אין אַ געפּאַסעוועטער מײַקע און מיט אַ קײַלעכיק היטעלע אויפן קאָפּ. ער האָט זיך דאַן געלאָזט, ווי אין קינדהײַט, מיט די פישער אין ים נאָך פאַנג, האָט ער אים אַזוי פאַרגעדענקט, פּאָטאַפּ איגנאַטיטש, און אָנגעמאָלט. דאָס בילד הענגט אין אַ זײַט לעבן טיר, און פּאָטאַפּ איגנאַטיטש זאָגט קיינעם ניט אויס, אַז דאָס האָט ער געמאָלט, — ער האַלט, אַז ס'האָט זיך באַקומען זייער אַ בלאַסע זאַך, וואָס איז ניט ווערט גרינטאַלן, ס'איז בלויז אַ שוואַך אָפּבילד זײַנס. נאָר וואָס עלטער פּאָטאַפּ איגנאַטיטש ווערט, אַלץ שווערער איז אים פאָרשטעלן זיך יאָסיפן; דערפאַר איז אים טײַער דאָס דאָזיקע בילד און ער טשעפּעט עס ניט. מער מאָלט ער ניט, דער אַלטער קונסטלער, די הענט זײַנען שוין ניט די, זיי ציטערן, די אויגן טרערן. קיין באַדײַטנדיקס וועט ער שוין ניט שאַפן. אים איז איצט גענוג צו זײַן נאָר אַ שוימער פון אָט דעם טעמפּל, ווו עס ווערט אָפּגעהיט זײַן הייליקײַט, — „דאָס יינגעלע מיטן פײַלנבויגן". אייגנטלעך, איז עס אַ טרייסט פאַר אים, פאַרן אַלטן לערער, עפּעס איז פון יאָסיפן אַליין פאַראַן אינעם פאָנעם פונעם „יינגעלע מיטן פײַלנבויגן", דער פלאַם יאָסיפס, זײַן ריִרעוודיקע האַרציקײַט, זײַן פאַרמעסט, זײַן דרייסטער, אָנגעצילטער בליק, בײַס ער פלעגט פאַרטראַכטן עפּעס אַ נײַס...

גרינטאַל — דאָס איז זײַן געפינס פאַר דער וועלט, און „דאָס יינגעלע מיטן פײַלנבויגן" איז גרינטאַלס גאָב פאַר דער וועלט. אַזוי טראַכט

ער, דער אלטער קינסטלער. און נישקאָשע, כאָטש דאָס הויז זײַנס שטייט ווײַט, באַם ברעג יאַם, נאָר מענטשן וועלן שוין אויסטרעטן אַ שטעגעלע אַהער, וואָס ווײַטער, אַלץ ברייטער.

איינמאָל, אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג, אין אַ געסל ניט ווײַט פון יאַם, האָט דער פּראָפעסאָר פון מאָלן, פּאָטאַפּ איגנאַטיטש, דערזען אַ גרופּע כעווריע מאַכן שניי־באַבעס. דאָס איז געווען אין עק שטאָט. ער האָט אַהין פּאַרבלאָנקעט, זוכנדיק אַ „נאַטור" פאַר זײַן בילד „עלנטקײַט" — עפּעס אַן אָרעמע נייטערן, צי אַ וועשערן. ער האָט זיך צוגעקוקט צו אַלץ, צו די האַלב צעוואַלגערטע, ענגע הויפן, צו די קרומע שטיבלעך מיט די נעצנדיקע קעלער־פענצטערלעך באַ דער ערד, צו די בעטלער, צו די פרויען, וואָס זײַנען מיט פאַרקאַשערטע אַרבל אַרויסגעלאָפן אַלע מאָל פון אַן אַנדער טיר און פאַרפלעקט דעם פרישן שניי מיט אַ שוואַרצן פּליוך פון אַ פּאָמוינִיצע, — אָט דאָ האָט ער באַמערקט די כעווריע, וואָס האָבן אַפּ אַ בערגל זיך געפּאָרעט אין שניי. מיטאַמאָל האָט ער זיך געכאַפּט — דאָס זײַנען דאָך פאַרוואָרלאָזטע. דאָרט, אין צעניטער שטאָט, איז ער זיי געוווינט צו זען בעטלען, וואַרעמען זיך אַרום בעקערײַ, דאָרט זײַנען זיי עפּעס שטענדיק באַשעפּטיקט און פאַרומערט, און דאָ — שפּילן זיי זיך גאָר! זיי קײַקלען גרויסע קוילן שניי און מאַכן פון זיי מענטשן מיט קוילן אָנשטאָט אויגן, מיט אַ בעזעם באַ דער זײַט.

מיטאַמאָל האָט ער אַ ציטער געטאָן — באַ דער זײַט, אונטער אַ טונקעלער סאָסנע איז פון שניי געווען געמאַכט אַן אַלטע פרוי אַ בעט־לערן, מיט אַ שאַל אַפּ די אַקסל, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, — די צווייטע האַנט איז געווען אָנגעשפּאַרט אַפּ אַ שטעקן. אין דער גאַנ־צער פיגור האָט זיך געפילט האַכנאָעדיקײַט, געבראָכנקײַט — אַן עכטע בעטלערן.

— ווער האָט דאָס געמאַכט? — האָט ער פאַרוווּנדערט געפרעגט.

כעווריע האָט אַפּ אים געקוקט שמייכלענדיק און אומפאַרטרויִלעך, מע איז אַ פּאָר שפּאַן אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט.

ער האָט פון אַלע זײַטן באַטראַכט די שניי־פיגור.

— האָט קיין מוירע ניט, זאָגט, ווער האָט דאָס געמאַכט, — האָט ער איבערגעכאַזערט.

באַקוקנדיק אַזוי די כעווריע, האָט ער זיך פּלוצעם אָנגעשטויסן אַפּ אַ פּאָר גרויסע, הייסע אויגן פון אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף מיט אַ בלאַס לענגלעך געזיכט, מיט שוואַרצע, אומרויִקע קוטשערן, וואָס זײַנען אים פון אונטער דעם געפּלעקטן אָפּגעבליאַקעוועטן היטל אַראָפּגעפּאַלן אַפּן שטערן און אַפּ די אויערן, און ער האָט דערפילט — דאָס דאָזיקע ייִנגל האָט געמאַכט די פיגור. באַם ייִנגל זײַנען געווען, כאָטש שטאַרק

פארשמוציקטע, דאָכ איידעלע הענט מיט לאנגע פינגער, וועלכע ער האָט, אלײנ ניט פילנדיק דאָס, אומרויִק באוועגט, ווי ער זאָל עפּעס באטאפּנ אינדערלופטנ...

אָט אזוי האָט ער געפונענ יאָסיפּנ. ער האָט אים דערנאָכ צוגענומענ צו זיכ, געלערנט מיט אים פריִער אינ דער היימ, שפּעטער — אינ קונסט-שול, — דאנ איז עס נאָכ געווענ א שול. — ער האָט אים געלערנט מאָלנ, נאָר ניט געשטערט אים אנטוויקלענ זײַנ איקערדיקנ טאלאנט — סקולפּטור. דאָס יינגל איז געווענ אינגאנצנ אנ עלנטס. פארפלאָנטערט אונ ניט קלאָר, ווי א קינד, וואָס ווייסט קיינמאָל ניט, פונוואנענ אונ וויאזוי דער אומגליק גייט זיכ אויס אפּ זײַנ קאָפּ, האָט ער דערציילט זײַנ לעבנס-געשיכטע. דעמ פאָטער האָט מענ נאָכ יינגלווײַז ערגעצ אינ סיביר אָפּגעשלאָגנ די לונגענ. ער האָט זיכ געהיילט אינעמ בײַיאמ-יישעוו, ווו עס ווינענ גריכנ אונ טאָטערנ. דאָרט איז ער זיכ צונויפגעגאנגענ מיט א פישערס א טאָכטער, א גריכנ, אגנעסע. דאָס איז געווענ יאָסיפס מוטער. געוווינט האָבנ זיי אינ א נידעריק שטיבל פונ שטיינ. דער פאָטער האָט שיינ געזונגענ. ער האָט זיכ אויסגעלערנט פלעכטנ נעצנ, נאָר אינ יאמ האָט ער ניט געקאָנט גיינ, ווי אלע פישער, ער האָט קעסיידער געהוסט, פלעגט אָנט ליגנ צו-בעט. האָט אלצ געטאָנ די מאמע — געלאָזט זיכ אינ יאמ מיט די פישער, געשלעפּט מיט זיי די נעצנ אונ די קוישנ פיש. דערנאָכ איז דער טאטע געשטאָרבנ. אונ די מאמע האָט אויכ לאנג ניט געצויגנ. עפּעס האָט זי אויכ אָנגעהויבנ הוסטנ, ווי דער טאטע; אָפּט פלעגט ער זי טרעפנ א ווייִנענדיקע. מע האָט זי אוועקגעפירט אינ שפּיטאָל אונ זי האָט זיכ שוינ פונ דאָרט ניט אומגעקערט. ער איז פארבליבנ אינגאנצנ אלײנ. ער האָט זיכ ארופגעזעצט אפּ דער שיפ, וואָס פלעגט פארנעמענ די פיש פונעמ יישעוו, אונ דערשוווּמענ מיט איר אהער, אינ דער גרויסער שטאָט...

יאָסיפ האָט געבענקט נאָכנ פישער-יישעוו, שטענדיק פונ אימ גערעדט, ער האָט אלעמאָל געקלעפּט פיגורנ פונ פישער, אלטע — מיט ליולקעס אינ די ציינ, יונגע — מיט צאפּלענדיקע פיש אינ די הענט, ער האָט געמאָלט שיפלעכ, כוואליעס. פּאָטאפּ איגנאטיטש האָט פארשטאנענ: מע דארפ דאָס יינגל ניט אָפּרײַסנ פונ דער היימ, פונ זײַנ סטיכיִע, מע דארפ, ער זאָל זיכ וואָס מער געפינענ אינ דעמ ווינקל, ווו ער האָט דערפילט דעמ ערשטנ רופ צו שאפנ, ווו יעדעס שטיינדל, יעדעס שטיבל, יעדעס זעגל רעדט צו זײַנ הארצ. דערפאר האָט ער אויסגעבויט אינ פישער-יישעוו, באמ ברעג יאמ, דאָס דאָזיקע הויז אונ פארבראכט אינ דעמ די זומערס.

דערנאָכ, ווענ זײַנ פרוי, די שטילע אונ געהאָרכזאמע פעלאגייע טיטאָוונע, איז געשטאָרבנ, איז ער געבליבנ אינגאנצנ אלײנ — קיינ

קינדער האָט ער ניט געהאט. צו יענער צײַט האָט זיכ אלצ מער צע-
פלאקערט די מילכאָמע פונ 1914 יאָר, די קונסט-שול איז זיכ צעפאלנ,
האָט ער מיט יאָסיפנ זיכ אינגאנצנ אריבערגעקליבנ אהער, אינ פישער-
ישעוו. דאָ האָט יאָסיפ אפ אנ אנדער מינ אויפנ זיכ צעבליט, אונ ער
האָט געשאפנ „דאָס ייִנגעלע מיטנ פײַלנבויגנ". ארבעטנדיק איבער דעמ
דרײַ יאָר נאָכאנאנד, האָט אינ אימ זיכ צערעדט דאָס בלוט פונ זײַנ
פאָטער, אונ ווענ דאָס פײַער אינ לאנד האָט זיכ צעברענט, האָט זיכ
אויכ זײַנ יונג הארצ אָנגעצונדנ — אונ ער איז אוועק... ניינ, פאָטאפ
איגנאטיטש פארווײַלט אימ ניט, ער פארשטייט אימ, יאָסיפנ, נאָר ווי
א הארטער שטיינ ליגט דער פארדראָס אפ דעמ אלטנס הארצ, א טיפער
טרויער פרעסט עס שטענדיק. דערפאר זוכט ער אזוי א טרייסט אינעמ
„ייִנגעלע מיטנ פײַלנבויגנ", ווײַל יאָסיפ אליינ לעבט אינ דעמ דאָזיקנ
קאלטנ מארמאָר, ער זוכט א טרייסט אינ די יונגע מאָלער, וואָס צע-
פאָרנ זיכ אלעמאָל פונדאנענ, — יעדערער פונ זיי כוז עפעס האָבנ אינ
זיכ פונ יאָסיפנ. אונ נאָכ איז ער זיכער, אז דאָ, טאקע דאָ, דארפ
אויסוואקסנ נאָכ איינ יאָסיפ, עפשער זויגט ער שוינ בא דער מאמענ
די ברוסט, בא א טונקל-הויטיקער, נידעריק-וווקסיקער פישערינ, אָדער
עפשער לויפט ער שוינ אומ רײַטנדיק אפ א שטעקל אונ זוכט שוינ
אינ ארויסגעוואָרפענעמ אש לעבנ שטוב א שטיקל קויל, כדיי אָנוואַרפנ
אפנ שטיינערנעמ פלויט די ערשטע ליניעס פונ א געמעל...

* * *

דער יאמ האָט, ווי פריִער, געיאָגט זײַנע כוואליעס אפנ שטיינדל-
דיקנ ברעג, אמאָל האסטיקער, אמאָל שטילער. די הויכע פעלדזיקע בערג
אינ מײַרעוו האָבנ, ווי פריִער, אינמיטנ באטאָג זיכ אלע מאָל פארצויגנ
מיט פאסמעס דאמפ, וואָס האָט זיכ דאָרט געקנוילט, געפויזעט אלצ
ארופ אונ ארופ, אָפגעמעקט די שארפע, בלענדיקע בארג-שפיצנ אינ
אויסגעבילדעט שניי-ווײַסע, לײַכטע וואָלקנס, וועלכע האָבנ איבערנ ברעג-
לאָנג בלויענ הימל זיכ געצויגנ אינ אָפענעמ יאמ. ווײַסע מעוועס האָבנ,
ווי פריִער, זיכ געטראָגנ, אָט צורינגדיק זיכ מיט א שארפנ פליגל צומ
שוימיקנ ראנד פונ א כוואליע אונ אָט אופשוועבנדיק מיט א געשריי
אינ דער הייכ. אינ דער צווייטער זײַט בוכטע האָבנ ווײַט-ווײַט די בערג
„כאמעליאָנענ" וויפל מאָל אינ טאָג געביטנ די קאָלירנ, אָט זײַנענ זיי
גרינלעכ-בלוי, אָט זאמדיק-געל, מעליק-גרוי, ברוינ. די פישער-שטיבלעכ
זײַנענ ווי פריִער געשטאנענ אפנ ברעג יאמ, באָדנדיק זיכ מיט זייערע
טשערעפענע דעכער, גרוי-ווײַסע ווענט אונ געפארבטע ראמענ אונ לאָדנס
אינ זומערדיקער זונ, ארומגעווייטע פונעמ קילבלעכנ, געזאלצענעמ ווינט, —
נאָר אינ לאנד, ערגעצ ווײַט, איז געווענ מילכאָמע. די ווײַסע זעגלענ

און שיפּלעך האָבן, ווי פריִער, זיך געלאָזט אין אָפענעם יאַם, נאָר עפּעס האָט געדוכט, אַז זיי טראָגן אַפּ זיך אַ באַזונדערן אומרו, עפּעס איז געווען אַליאַרעמדיקס אין זייער פלאַטערן. די פישער — די קרעפּטיקע, פאַרברוינטע יונגען און די בערדיקע פאָטערס און זיידעס, אַלע מיט מוסקולדיקע פּלייצעס, פעסטע נאַקנס, אָדערדיקע גרויסע הענט און פאַר־קאַשערטע הויזן אַריבער די קני — האָבן, ווי פריִער, זיך געבאָברעט באַם יאַם, נאָר עפּעס אַ שאָטן פון שטרענגקייט און פאַרזאָרגטקייט האָט זיך געלייגט אַף זייערע פּראָסטע, גראָבלעכע פּנעמער. און ניט זעלטן פלעגט שוין אַ פישערן, אַן אַלטע אָדער פון מיטלען יאָרן, אַרויסגיין צום ברעג יאַם און מיט אַ צוגעשמידטן בליק זיך פאַרקוקן אין דער ווייט, געדענקענדיק וועגן אַ זון, וואָס שווימט אַף אַן אונטערוואַסער־שיפּל, אָדער וואָס אַרבעט ערגעץ אין מאַשין־אָפּטייל פון אַ שיף...

די מילכאָמע האָט זיך געלאָזט פילן דאָ, אינעם קליינעם פישער־יישעוו, גאָר אַף אַן אַנדער מין אויפן — ס׳איז געווען העלער זומער און קיינער פון דער שטודירנדיקער יוגנט איז ניט געקומען צוגאַסט... איינע האָבן צוגעשיקט אַ יעדיִע, אַז זיי פאָרן אַוועק גלייך פון אינסטי־טוט אַפן פראָנט, אַנדערע — אַז זיי פאָרן מיט אַ גרופּע אַרטיסטן און מוזיקער אין די אָפּערירנדיקע טיילן, די דריטע, די מערהייט, האָבן גע־שריבן, אַז זיי פאָרן אַראָפּנעמען די גערעטעניש, גראָבן קעגנטאַנקען־ריוון. יעדערער פון זיי האָט געהאַלטן פאַר זיין כויוו צו אָנשרייבן דעם אַלטן לערער ווייערן און זיך אַנטשולדיקן, פאַרוואָס מע קומט ניט. ס׳האָט געאָטעמט מיט פאַרנומענקייט, אופגערודערטקייט און יונגער היץ פון די דאָזיקע בריוו. פאָטאָפּ איגנאַטיטש האָט זיי אַלע געלייענט צו עטלעכע מאָל, און נאָר די ווינקלען פון זיינע צונויפגעדריקטע מויל זיינען דערביי געוואָרן טיפער, און די דאַרע, אָדערדיקע הענט האָבן געציטערט. ער האָט איבער עפּעס די דאָזיקע אַלע בריוו געלייענט אַפן דעמבענעם טאָפּטשאַנדל, אַף וועלכן ס׳איז געשטאַנען די סקולפּטור „דאָס ייִנגעלע מיטן פייַלנבויגן“, אַרונטערגערוקט זיי צווישן די ברעטער און דעם שטיין, און געטראַכט וועגן זיי אַלעמען, וועגן די יונגע, וואָס זיינען זיך צעפאָרן איבערן לאַנד, ווי ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן יאָסיפן.

פוסט און שטיל איז געווען אין הויז, אַ פאַרגליווערט שווייַגן האָט געהערשט אין מעזאָנין און בלויז די געמעלן האָבן דאָרט געלעבט מיט דעם שטיקעלע לעבן, וואָס איז אין זיי פאַרצייכנט געוואָרן. יאָסיפּס פיגורלעך און סטאַטועטקעס האָבן איינגעהיט אין זיך זייערע האַסטיקע באַוועגונגען, די ראַקורסן, זייער הייסע שטרעבונג פאָרויס, און „דאָס ייִנגעלע מיטן פייַלנבויגן“ האָט, ווי פריִער, זיך פאַרמאָסטן מיט דער

פײַל אינ דער ווײַט, זײַנ בליק האָט געלויכטנ מיט דרייסטקײַט, אונ דאָס פּאָנעמ האָט געשמייכלט — א זיכערס אונ פארשײַטס...

דעמלט טאקע איז דער אלטער מאָלער אוועקגעגאנגענ צומ באָנדער אלעקסאנדראָ פּאָפּאָלאָ, וואָס האָט געוווינט אינ צווייטנ עק יישעוו. ס'איז געווענ א ביסל מאָדנע דאָס קומענ זײַנס. דער באָנדער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָנ מיט אזא אומדערוואַרטנ אונ כאָשעוונ גאסט אונ וויאזוי זיכ האלטנ. צי אופהערנ ארבעטנ אונ אימ פארבעטנ אינ שטיבל — נאָר דאָרט האָט פּונקט דאָס ווײַב געבאקט ברויט, ס'האָט זיכ דאָרט געטאָנ אנ איבערקערעניש, — צי פארקערט, שניצנ ווײַטער זײַנע קלעפּקעס אונ דעמ גאסט אוועקזעצנ אפנ אלטנ, פארלאָזטנ ווערקשטול. ער איז גפילע פארשטייבט אונ א ביסל פארוקט אינ א זײַט, נאָר מע קאָנ אימ ארויס-רוקנ אונ ארומקערנ. ער וואָלט אימ עפּשער געגעבנ פארויכערנ, דעמ מאָלער, רויכערט ער אליינ ניט, פּאָפּאָלאָ, אונ ווידער ווייסט ער ניט, צי פּאָטאפּ איגנאטיטש רויכערט. אָט א קוואָרט ווײַנ וואָלט גוט געווענ פאר אימ אוועקשטעלנ — איז ווידער טאקע, עפּשער טרינקט ער ניט, אזא איידעלער מענטש?..

אלעקסאנדראָ פּאָפּאָלאָ האָט זיכ שטארק פארכידעשט, ווענ ער האָט דערהערט, אז דער גאסט פארפּיט גאָר ניט קיינ רייד וועגנ דעמ, אז ס'האָט זיכ בא אימ פונ די היצנ צעטראסקעט די דייזשקע, נאָר ער הייבט גאָר אָנ ריידנ וועגנ זײַנ, פּאָפּאָלאָס, צוועלפיאָריקנ יינגל דאָדע. אלעקסאנדראָ האָט א ווײַלע אופגעהערט ארבעטנ, זײַנ שווייסיק, צע-קנייטשט פּאָנעמ מיט די גרוילעכע זונטערגעשוירענע האָר אפ די באקנ אונ אפ דער קינ האָט זיכ אָנגעשטרענגט אונ טעכפּלעכ זיכ אָנגעשטעלט אפנ גאסט, דאָס מויל האָט ער געהאלטנ עפּוואָס אָפנ.

— דאָדע? — האָט ער פארכידעשט געפרעגט. — דאָדע איז א גוט יינגל, אלע לערער זאָגנ דאָס, נאָר ער באָדט זיכ איצט פּונקט, דאָדע... ער ליגט קעסיידער באמ יאמ, ער וועט שוינ, מיסטאמ, ניט זײַנ קיינ באָנדער, נאָר א קאפּיטאנ... אָבער נאָכ וואָס דארפ א קאפּיטאנ קריכנ אינ די בערג? כא, כא! — אונ אלעקסאנדראָ האָט זיכ צעלאכט הויכ אונ פארכלינעט, ווי א טויבער, — ער האלט אינ איינ קריכנ אפנ קארא-דאג, דאָדע...

דער אלטער מאָלער האָט געזאָגט, אז דאָדע איז אימ אויכ געפעלנ, מער ווי אלע לערער איז ער אימ געפעלנ. ער האָט אינ אימ א באזונ-דער געפיל אונ לייגט אפ אימ פיל האָפענונג. דאָס יינגל דארפ ניט וויסנ אזויפיל, וויפל ער זאָגט עס אימ, דעמ פאָטער, ער וואָלט עס אימ עפּשער אויכ ניט געדארפט זאָגנ, נאָר ער ווייסט אליינ ניט, צוליב וואָס ער טוט דאָס, — ער וואָלט געדארפט זענ דאָדענ, ער וואָלט געדארפט, ער זאָל צו אימ קומענ...

דער אלטער לערער האָט אָפּגעקליבנ דעם פעיִקסטנ פונ זייַנע יונגע שילער, דעם שוואַרצכיינעוודיקנ פלינקנ דאָדע אונ האָט באשטימט דערנענטערנ אים צו זיכ. ס'איז אים איצט שווער געווענ צו זייַנ אליינ, א גרויסער אומעט אונ עלנטקייַט האָבנ געפרעסט זייַנ הארצ, קיינמאָל האָט ער נאָכ אזא אומרו ניט געפילט, אונ כוצ דעם איז ער נאָכ פונ פריִער איבערצייַגט געווענ, אז דאָדע האָט גאָר באזונדערע פייִקייַטנ, ער איז ניט אזא, ווי אלע, אונ ער מעג זיכ מיט אים באגייִנ, ווי אמאָל מיט יאָסיפנ, — נעמענ אים צו זיכ. ער האָט געטראכט וועגנ דעם עטלעכע טעג, ער האָט ארויסגענומענ פונ זייַנ ארכיוו-פאפקע אלע דאָדעס צייכענונגענ אונ געמעלנ פונ שול, פארגלייַכט זיי מיט געמעלנ פונ אנדערעס כעוורע, וואָס לערנענ זיכ שוינ איצט אינ אינסטיטוט, אונ געזענ, אז דאָדעס זייַנענ אָנ סאָפעק בעסער. אָט איז א בינטל בעז, וואָס דאָדע האָט אָנגעמאָלט, — גוט געמאכט, ס'איז פראכטפול איבערגעגעבנ די וואַרעמקייַט פונ די פיאָלעטע קווייטלעכ, די אינדערפריִעדיקע צארטקייַט זייערע. קיינ שום סימאָנים פונ אינדערפרי זייַנענ דאָרט ניטאָ, בלויז א העלער פלעק פונ דער זונ אפנ צווייַגעלע, — נאָר עס פילט זיכ דער טוי אפ די בלעטעלעכ, אונ מע דערשפירט, דוכט זיכ, ווי זיי שמעקנ... אונ אָט איז זייַנער אנ אלטער פישער: ווי ער זיצט דאָס, דער דאָזיקער באיאָרטער מענטש, אפנ דעק פונ אנ איבערגעקערט שיפל, ווי ער רויכערט דאָס זייַנ ליולקע אונ קוקט מיט טעמפנ אומעט אינ יאם, אונ ער פילט זיכ אינ אלצ — דער אלטער בענקט נאָכנ יאם, ער האָט אזוי א לעבנ אָפּגעלעבט, אָבער איצט זייַנענ שוינ ניטאָ די קויכעס אפ אוועקלאָזנ זיכ קעגנ ווינטנ אונ כוואליעס, דאָס שיפל ליגט איבערגעקערט... נאָר א ייִנגעלע שפילט זיכ בא דער זייַט, שטייט ביז די קני אינ וואסער אונ לאָזט א שפענדל אפ דער שטילער וועל... שטימונג, הארצ איז געווענ אינ די געמעלנ פונ דעם יונגנ מאָלער.

דאָדע איז געווענ א קלוג, אייַנדרוקפול ייִנגל מיט א קאָפּ פעכשווארצע קוטשעראווע האָר אונ מיט גרויסע, שווארצע אויגנ. פאָטאפ איגנאטיטש האָט נאָכ אינ עפעס דערפילט זייַנ ענלעכקייַט צו יאָסיפנ — ס'האָט זיכ אים געוואָלט אים אָנמאָלנ. ווענ דאָדע איז געקומענ דאָס ערשטע מאָל צו אים אינ שטוב, פאָרזיכטיק געעפנט די טיר אונ שטיינ געבליבנ בא דער שוועל מיט אנ אויסדרוק פונ קינדערשנ נייַגיר, דערשראָקנקייַט אונ טיפער, פארבאָרגענער זיכערקייַט, פעסטקייַט, — האָט זיכ פאָטאפ איגנאטיטשנ פארוואָלט אים אָנמאָלנ אזא. אונ ווידער האָט ער, פונקט ווי דאנ פאר יאָסיפנ, דערפילט א ניט-זיכערקייַט.

ער האָט אים ארופגעפירט אינ מעזאָנינ אונ דאָדע האָט גלייַכ זיכ א לאָז געטאָנ צום „ייִנגעלע מיטנ פייַלנבויגנ“. ער איז שטיינ געבליבנ

א פאַרגליווערטער. פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט מיט האַנאָע און כּידעש דערזען, ווי באַם יִינגל מינעט זיך דער קאָליר פונעם פּאָנעם, די דינע נאָז-לעפלעך פון זײַן גלײַכן נעזל האָבן זיך אָנגעבלאָזן, די אונטערשטע ליפּ האָט ער פאַרביסן. ער האָט ווי אין אַלץ פאַרגעסן. ער האָט אַפ גאָרנישט ניט געקוקט, בלויז אַפ דער סקולפּטור, באַטראַכט זי פון אַלע זײַטן, א צי געטאָן די האַנט אַפ צורירן זיך צום מאַרמאָר און באַלד זי אָפּגעכאַפּט צוריק. דערנאָך האָט ער מיט א לאַנגן בליק א קוק געטאָן אַרום זיך, אַפ אַלץ, וואָס איז דאָ נאָך געווען אין זאַל, נאָר ניט אַוועקגעגאַנגען, שטיין געבליבן ווי א צוגעשמידטער. אַזוי איז ער געשטאַנען לאַנג, און פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט איבערגעלעבט מינוטן פון גרעסטן גליק. ער האָט מיט דאָדען געטראָפן.

דאָדע האָט פיל געמאָלט און פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט זיך געכידעשט אַפ זײַן עמפּינדלעכקײַט און זיכערקײַט. פאַר זײַנע צוועלף יאָר איז דאָס געווען א סאַך: ער האָט זיך אַליין אָפּגעזוכט טעמעס אַפ מאָלן און אַלע מאָל זיי אויסגעפילט פרײַ און גיך. אין קאָפּ זײַנען בא אים שוין געווען נײַע טעמעס, ער האָט שוין געהאַט נײַע פאַרטראַכטן און גערעדט וועגן זיי מיט קינדערשער נאַיִוקײַט און פאַרכאַפּונג. ער איז ווי אין אַלץ געווען פאַרליבט, פון אַלץ, וואָס זײַן אויג האָט געזען, — אַנציקט געוואָרן, עפּעס ווי די וועלט, אַלץ אַרום זאָל בא אים אין אויג שענער ווערן, באַווײַזן אים עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער, כוץ אים, זעט ניט. און ער האָט אַלץ געוואָלט באַמאָלן. אָט שטייט אַן אַלטער שטיינערנער פּלויט, אייניקע ציגל זײַנען זיך צעפאַלן, אַנדערע זײַנען באַדעקט מיט מאָך, דאָ וואַקסט פאַרשיידן ווילדגראָז, דערנער, עס וואַרפן זיך דורך בלויז קווייטעלעך אַפ דינע, דאַרע שטענגעלעך — דאָדע פאַרמאָלט דעם דאָזיקן ווינקל און ער לעבט אוף מיט עפּעס א באַזונדער לעבן; ווען מע קוקט אַפ דעם, דוכט זיך, אַז עפּעס א סאָד איז אין דעם פאַרבאָרגן... א באַרג — העט פונויבן שטייט א קו און קוקט אין יאַם אַרײַן. און עפּעס איז אין אַלץ איבערגעגעבן די טעמפּקײַט און דער כידעש פון דער קו, כאָטש זי איז אָנגעמאָלט קליין אַפן פאָן פונעם וואָלקנדיקן הימל. און אָט גייט א בלינדער — ער איז באַוויזן אָן א שטעקן, פונעם דאַשעק פאַלט א שאָטן אַפ זײַנע אויגן, נאָר לויט דער אויסגעשטרעקטער האַנט מיט די ציטעריק-צעשפּרייטע פינגער דערפילט מען, אַז דער דאָזיקער מענטש זעט ניט... באַזונדערס שטאַרק האָט דאָדע ליב געהאַט מאָלן קינדער, פאַרשיידענע שפּילן, דאָס פלעגט ער אויספילן נאָר אין שטריכן, מיט בלײַערס אָדער קוילן; ער האָט ליב געהאַט מאָלן פישער — פעסטע, געזונטע... פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט געקוקט אַפ זײַנע געמעלן און מיט א שטילער פרייד געפילט, ווי דאָס לעבן קאָכט אין דעם דאָ-

זיסנ יינגל, ער איז געווענ דערוואַרעמט אונ געטרייסט פונ דעמ.

דאָדע פלעגט פיל פאַרברענגענ בא פּאָטאַפּ איגנאַטיטשנ. האָט ער ניט געמאָלט, פלעגט ער איבערקוקנ די גרויסע, דיקע ביכער מיטנ האַרטנ גלאַנציקנ פּאַפּיר, אַפ וועלכנ ס'איז געווענ פאַרשיידענע גראַווירנ אונ צייכענונגענ פונ די גרעסטע קינסטלער. פּאָטאַפּ איגנאַטיטש פלעגט אימ פיל דערציילנ וועגנ דעמ לעבנ פונ די דאָזיקע קינסטלער, אונ דאָדע האָט געהערט מיט א פאַרכאַפּטנ אָטעמ. עפּעס איז אינ דאָדענ אַליינ געווענ אַנ ענלעכקייט צו די דאָזיקע גריכישע אונ איטאַליענישע יינגלעכ, וואָס זייַנענ געווענ אַפ די גראַווירנ. דער אַלטער קינסטלער האָט מיט א שטילער באַגייַסטערונג געקוקט אינ זייַנע גרויסע שוואַרצע פאַרקלערטע אויגנ, אינ זייַנ ריינעמ, קינדעריש־אָפֿנ פּנימ, אַפ זייַנ קוטשעראַווונ קאָפּ, וועלכנ ער האָט באַמ הערצנ ליב געהאַט אונטערשפּאַרנ מיט א האַנט, אונ ער איז זיכער געווענ, — אַלצ אינ אימ האָט געגלייבט, — אַז דאָס זיצט פאַר אימ א קינפטיקער רובענס, א רעמבראַנדט... ער אַליינ האָט אינ געדאַנק זיכ אַריבערגעטראָגנ אינ די שפּעטערדיקע יאָרנ, ווענ דעמ באַנדערס יינגל, דער דאָזיקער דאָדע, וועט פּונקט ווי יאָסיפּ באַרימט מאַכנ דעמ פישער־יישעוו. אונ זייַנ האַרצ האָט געפלאַטערט שטיל אונ גליקלעכ, ער האָט געפילט א קראַפט אינ זייַנ אַלטנ קערפּער צו דער־לעבנ יענע צייַט.

נאָר דאָדע האָט ניט בלויז געמאָלט. גייענדיק אינדערפרי צו פּאָטאַפּ איגנאַטיטשנ, פלעגט ער דערווייַל געבנ א שפּרונג אַראָפּ אינ יאַמ אונ זיכ אויסבאָדנ אינ די שוימיקע כוואַליעס, אונ די פישער, וואָס פלעגנ זיכ געפינענ אַפנ ברעג, פלעגנ זיכ מיט אַנציקונג אָפּרופנ וועגנ זייַנ שווימענ. אַנ אַנדערש מאָל פלעגט ער פלוצעמ פאַרפאַלנ ווערנ אַפ א האַלבנ טאָג — דאָס איז ער מיט א בריגאַדע פישער אַוועק נאָכ פאַנג. ער האָט אויכ ליב געהאַט אומבלאָנקענ אינ דער אַזויגערופענער שוואַרצער בוכטע, ווו מע האָט געסבאָלעט די שיפלעכ אונ שכונעס. פּאָטאַפּ איג־נאַטיטש פלעגט אימ געדולדיק גיינ זוכנ אַהינ. דאָדע פלעגט שטענדיק זיכ אַרומטראָגנ מיט פאַרשיידענע מושעלנ, שנעקנ, שיינע יאַמ־שטיינדלעכ, אויסבייַטנ זיי בא אַנדערע פישער־יינגלעכ אַפ טויבנ, אַפ אייעלעכ פונ מעוועס. דאָדע פלעגט אָפט אַליינ אַוועקלאָזנ זיכ אינ די בערג נאָכ אָזעלכע אייעלעכ.

אונ ניט איינ מאָל פלעגט פּאָטאַפּ איגנאַטיטש פאַרגלייַכנ אינ גע־דאַנק בא זיכ דאָדענ צומ „יינגעלע מיטנ פייַלנבויגנ”, אונ אימ האָט גע־דוכט, אַז אָט איז עס, דאָס דאָזיקע געניאַלע ווערק, אינ לעבנ. אונ ווענ דאָדע פלעגט אַוועק מיט די יינגלעכ פונעמ יישעוו אָדער פאַרפאַלנ ווערנ ערגעצ, ווי זייַנ שטייגער איז, פלעגט דער אַלטער קינסטלער מיט

עפּעס א באזונדערנ אומרו אײַלנ ארופֿ, אינ מעזאָנינ, — אימ האָט גע־דוכט, אז יאָסיפּס ווערק איז אויכ ערגעצ אוועק, דער מארמאָר האָט אופֿגעלעבט אונ אוועקגעשפּרײַזט... ניינ, דאָס פּלעגט אימ סטאמ צײַענ א קוק טאָנ אפֿנ „ייִנגעלע מיטנ פֿײַלנבויגנ”, — אינ זײַנ שטעל, אינ זײַנ דרייסטנ בליק, אינ זײַנ לויכטנדיקנ, פֿארשײַטנ שמייכל איז געווענ עפּעס פֿיל פֿונ דעמ לעבעדיקנ דאָדע, אונ ביידע, אי דאָס געניִאלע ווערק אי דער באליבטער שילער, האָבנ זיכ אויסגעמישט בא אימ אינ הארצ אונ געוואָרנ אײנ גאנצעס, וואָס האָט עס געקרעפּטיקט, אָנגעפֿילט עס מיט האָפֿענונג אונ טרייסט...

דאָס הארצ פֿונ דעמ אלטנ קינסטלער האָט זיכ איצט גענייטיקט אינ אזא טרייסט. ארומ איז געווענ אומרויִק, אונ די יעדיִעס, וואָס זײַנענ צו אימ דערגאנגענ, זײַנענ געווענ אײנע שווערער פֿונ דער צווייטער. די צײַטונגענ האָט אימ געלייענט דאָדע. אונ אויכ פֿיל נײַס פֿונעמ ייִשעוו גופֿע האָט אימ געבראכט דאָדע. פּאָטאפּ איגנאטיטש האָט איצט מיט אָנגעשטרענגטנ אומרו, אנ אופֿגערודערטער זיכ צוגעהערט צו אלצ, זיכ נאָכגעפֿרעגט אפֿ אלצ, וואָס קומט פֿאָר אינ ייִשעוו. עטלעכע פֿישער־יונגענ זײַנענ אוועק אפֿנ פֿראָנט. מע האָט זיי ארויסגעבאגלייט לעבנ דאָרפֿראט. דאָדע מיט פּאָטאפּ איגנאטיטשנ זײַנענ אויכ געקומענ אהינ. די יונגענ מיט די קלומיקלעכ אפֿ די פּלייצעס האָבנ באמערקט דעמ גרײַז־גרויענ קינסטלער מיט די ווײַסע באקנבארדנ אונ פֿונוויַטנס מיט דאנקבארקײַט אונ שטילנ טרויער געשמייכלט צו אימ. די אלטיטשקע סקומבריאָווא האָט באקומענ א יעדיִע, אז איר זונ איז פֿארווונדעט. דער אלטער קינסטלער האָט דורכ דאָדענ איבערגעגעבנ זײַנס א בריוועלע צו פּאוועל סקומבריאָוו אונ א פּאָר וואָלענע שקארפּעטקעס, וואָס ער האָט פֿונ זײַנע פֿיס אראָפּגענומענ. פּאוועל איז געווענ שווער פֿארווונדעט אינ פֿוס, אונ דאָס האָט געדארפֿט הייסנ, אז דער אלטער קינסטלער גלייבט, אז סקומבריאָוו וועט נאָכ דארפֿנ טראָגנ די דאָזיקע זאָקנ... דערנאָכ איז נאָכ א גרופּע, שוינ עלטערע פֿישער, אוועק אפֿנ פֿראָנט. פֿוסטער איז געוואָרנ דער ברעג. בלויז פֿרויענ אונ אלטע פֿישער פּלעגנ פֿונ מאָל צו מאָל זיכ אוועקלאָזנ אינ יאמ. ס'איז שווער געווענ פּאָטאפּ איגנאטיטשנ צוקוקנ דאָס. שפּעטער האָט דאָדע אימ דערציילט, אז אינעמ ייִשעוו איז געשאפֿנ געוואָרנ אנ אָטריאד; די אלטע אונ גאָר יונגע פֿישער לערנענ זיכ איצט אינ דער שווארצער בוכטע שיסנ. פּאָטאפּ איגנאטיטשנ איז זייער מאָדנע געווענ בא זיכ אינ שטוב צו הערנ די ווײַטע, ניט אָפֿטע שיסערײַ פֿונעמ אָטריאד.

דאָדע האָט אלצ מער אונ מער דערציילט פּאָטאפּ איגנאטיטשנ וועגנ אָטריאד, ער פּלעגט דאָרט שטעקנ קעכיידער, דאָדע. ער איז ביכלאל

אומעטום פול געווען. ווען מע איז פון פישער-ישעוו אפ גדויסע טאָטע-רישע הארבעס ארויסגעפאָרן ערגעץ פון יענער זײַט בערגלעך גראָבן קעגנטאַנקען-ריוון, איז דאָדע אויך אוועקגעפאָרן אהין מיט די פרויען און מאנצבלען און איז דאָרט אָפּגעווען עטלעכע טעג. פֿאָטאפּ איגנאטיטש האָט זיך דאן קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. פוסט און שטיל איז שוין געווען ניט בלויז בא אים אין די צימערן, נאָר אין גאנצן ישעוו, און די דאָזיקע שטילקײַט האָט ווי א שטיין געפרעסט זײַן הארץ.

דערנאָך איז דאָדע געקומען צופוס פון דעם קעגנטאנקען-ריוו און דערציילט, אז מע גראָבט אים דאָרט א טיפן און א ברייטן, און אז פונוויַטנס הערט מען שוין דאָרט קוים-קוים די קאנאָנאדע. מע דארף צולייגן אן אויער צו דער ערד, באזונדערס באנאכט, הערט מען זי. ער האָט גערעדט וועגן דעם מיט קינדערשן אומרו און נײַגיר. פֿאָטאפּ איגנאטיטש האָט עפּעס אלץ ניט געגלייבט, אז עס קאָן טאקע דערגיין ביז זײַן שטוב די מילכאָמע, — עפּעס האָט ער טיף אין זיך א זיכערקײַט געהאט, אז אהער וועט עס ניט דערגיין. שלאכטן קומען פֿאָר ערגעץ פאר די גרויסע שטעט, פאר די האפנס, אײַזנבאנען. און וואָס איז דאָ? — עטלעכע צעבראָכענע שיפלעך, צוויי שורעס הײַזלעך באם פוסטן ברעג... ניט אויס מוירע האָט פֿאָטאפּ איגנאטיטש אזוי געטראכט און זיך געטרייסט, נייִן. ער האָט אָבער געוויטיקט פאר די מענטשן, וואָס זײַנען „דאָרט" געווען. דער דאָזיקער „דאָרט" האָט בא אים אין געדאנק ארויסגעזען זייער ווײַט, — ער האָט געוויטיקט פאר די שטעט, וואָס ווערן כאָרעוו, פאר די פעלדער, וואָס ווערן פארוויסט. אָט וועגן דעם האָט ער א כמורנער שטענדיק געטראכט און אפילע ניט געוואָלט דעם קליינעם דאָדע דערציילן וועגן זײַן טרויער. אָבער וועגן דעם, צי דאָס פײַער דערנעענטערט זיך צו זײַן שטוב, האָט ער אפילע ניט געטראכט.

* * *

אין איינעם אן אָוונט איז דאָדע מיטאמאָל זיצן געבליבן מיט אן אָפֿן מויל און זיך גענומען אײַנהערן.

— א קאנאָנאדע...? — האָט ער שטיל געזאָגט.

פֿאָטאפּ איגנאטיטש האָט רויִק א קוק געטאָן אפּ אים: „ס'דוכט זיך דעם יינגל". טיף אין זיך האָט ער אן אומרו דערפילט, נאָר עס באלד דערשטיקט.

דערנאָך האָט ער אליין אויך דערהערט די קאנאָנאדע. ער איז פונקט צוגעגאנגען צו זײַן ביכער-שראנק ארויסנעמען א בוך, ווען ס'האָט צו זײַן געהער זיך דערטראָגן די קאנאָנאדע. א רעגע האָט אים אפילע גע-דוכט, אז דאָס האָט דיקטענע טירל אזוי טויב זיך א קלאפּ געטאָן אָן זײַן ווייכן שטעקשוך. אָבער די קאנאָנאדע האָט זיך ווידער דער-

טראָגן, ווי אַן אומקלאָר דונערן. דער אַלטער איז בלאַס געוואָרן. נאָר מיטאמאָל האָט ער מיט אַ פּלוצעמדיקער אַקשאָנעס אַרויסגענומען דעם נייטיקן בוך, אוועקגעוועצט זיך באַם לאָמפּ און פאַרטיפט זיך אינעם לייענען. ס׳האָט געדונערט ווייט-ווייט, ווי פון אונטער דער ערד איז די קאַנאָנאַדע געגאַנגען. נאָר דער אַלטער קינסטלער האָט דאָס ניט געוואָלט הערן. ער האָט מיט זײַן דאַרער האַנט אַ ציִ געטאָן דאָס שטריקל פון דער שטאָרע, און דאָס לײַוונט האָט שטיל זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן פענצטער. ער האָט זיך פאַרטיפט אין געשעעענישן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען מיט פינפהונדערט יאָר צוריק, ווי ער וואָלט-געוואָלט דערמיט זיך פאַרפאַנצערן פון דעם איצטיקן אַרום. ער האָט זיך אופגעהויבן אין מעזאָנין — דאָרט זײַנען אַלע סטאַטועטקעס געשטאַנען אַפן אָרט, די בילדער זײַנען, ווי פריִער, געהאַנגען, „דאָס יינגעלע מיטן פײַלנבויגן" האָט באַ דער שײַן פונעם לאָמפּ געהאַט נאָך מער אַ לעבעדיק אויסזען, דער באַלויכטענער מאַרמאָר איז געוואָרן ענלעך צו עכטן לײַב. דאָ האָט דער אַלטער זיך דערפילט זיכערער, ער איז דאָ געזעסן לאַנג. דערשיטערט האָט אים נאָר, ווען ער האָט דערזען, אַז עפּעס יאָסיפּס אַ פיגורל — אַ יונגע טאָטערקע גייט מיט אַ קויש ווײַנטרויבן אופגעהויבן הויך איבערן קאָפּ — האָט אַ לײַכטן קוים מערקבאַרן ציטער געטאָן. ער האָט אונטערגעשפּאַרט מיט אַ שוועבעלע די סקולפּטור, זי זאָל זיך ניט שאָקלען, און איז אײַליק אוועק שלאָפן.

ער איז געשלאָפן אומרויִק. אים האָט זיך אַלץ געדוכט אין שלאָף, אַז אַלע סטאַטועטקעס שאָקלען זיך, ווי שאָטנס, אָט וועלן זיי אַראָפּפאַלן פון די שטעלן. די בילדער הוידען זיך אַף די שטריקלעך, מיט וועלכע זיי זײַנען צוגעפעסטיקט צו די ווענט, זיי נעמען זיך מיטאמאָל דרייען האַסטיק-האַסטיק, און „דאָס יינגעלע מיטן פײַלנבויגן", דאָס יינגעלע גלײַכט זיך מיטאמאָל אויס און וויל אַנטלויפן, עס גרייט זיך שוין אַ שפּרונג טאָן... עטלעכע מאָל, אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס האָט דער דאָזיקער כאָלעם זיך איבערגעכאַזערט פאַר דער נאַכט, און אַלע מאָל, ווען ער פלעגט דערזען, ווי דאָס יינגעלע טוט זיך אַ גלײַכאויס, פלעגט ער זיך אופכאַפּן. אַ שטאַרקער אומרו האָט אָנגענומען דעם אַלטן.

אינדערפרי האָט די קאַנאָנאַדע זיך געהערט עטוואָס בוילעטער, ס׳האָט געגאָסן אַ רעגן. דער יאַם האָט שטיל געשיקט זײַנע גרינע כוואַליעס מיט קליינינקע שוים-קאַמען צום ברעג, זיי האָבן זיך געגליטשט איבערן פײַכטן זאַמד, ווי זיי זאָלן וועלן עפּעס אַ סאָד דערטראָגן, איבערגעבן. שווער איז געווען פּאָטאַפּ איגנאַטיטשן אַלע מאָל אין אַזעלכע גרויע, ערעוו-האַרבסטיקע טעג און נאָך שווערער איז אים געווען הײַנט. ער

וואָלט ערגעצ אוועק, אנטלאָפנ, פארגראָבנ זיכ. ער איז שוינ אלט, ער איז איינזאמ אונ ס'איז אימ שווער אָט דאָס זיצנ דאָ, באמ פוסטנ ברעג. ער איז א שוימער פונ אזא אויצער, אָבער צו א שוואכער שוימער. וואָס קאָנ ער טאָנ איינער אליינ, אויב דאָס פייער וועט דער-גרייכנ צו זיינ שוועל?

אונ דאָכ, ווענ ראָמאָ פעדראָווי, אנ אלטער פישער, וואָס איז איצט געווענ פאָרזיצער פונ דאָרפראט אונ קאָמאנדיר פונעמ היגנ באוואָפנטנ אָטריאד, איז געקומענ צו פאָטאפ איגנאטיטשנ אונ אימ פאָרגעלייגט, אז אויב ער וויל, קאָנ מענ ערגעצ ארויספירנ דעמ מוזיי, ווייל דער דייטש איז נאָענט, האָט ער זיכ אָפגעזאָגט. ער האָט זיכ ניט פאָרגעשטעלט, פאָטאפ איגנאטיטש, וואָס הייסט ריירנ פונ אָרט די דאָזיקע אלע סטאטו-עטקעס אונ בילדער, וואָס זיינענ זיכ ווי צונויפגעוואקסנ מיט אלצ אינ מעזאָנינ, וואָס זיינענ דאָרט, אונטער דער גלעזערנער סטעליע, פארטראכט אונ באשאפנ געוואָרנ.

ראָמאָ פעדראָווי איז געשטאנענ אינמיטנ מעזאָנינ, א הויכער, א בערדיקער, מיט דער ביקס אינ האנט. זיינ בויכ איז געווענ פארצויגנ מיט א פולנ לעדערנעמ פאטראָנטאש. ער איז געווענ אינ גרויסע פישער-שטיוול. ער האָט זיכ א ביסל פארלוירנ קעגנ דעמ דאָזיקנ כאָשעווונ מענטשנ דעמ קינסטלער. ער איז בא אימ דאָ אינ שטוב געווענ ניט קיינ סאכ מאָל — ער פלעגט נאָר אינ יאָמטויווימ צוזאמענ מיטנ ווייב אונ מיט די קינדער קומענ קוקנ אפנ „יינגעלע מיטנ פייגלנבויגנ", וואָס איז געמאכט פונ ווייסנ שטיינ פונקט ווי א לעבעדיקס, אונ אפ אלצ, וואָס איז דאָ אינ מעזאָנינ אזוי ווי לעבעדיק. איצט האָט ער געהאלטנ, אז מע וואָלט דארפנ ערגעצ פארבאהאלטנ די אלע זאכנ. פאָפאָלאָ, סיר-גולי אונ אלע מענטשנ פונ אָטריאד האָבנ אימ געשיקט אהער. נאָר פאָטאפ איגנאטיטש איז עפשער גערעכט, אז מע טאָר דאָס אלצ ניט רירנ פונדאנענ, מינאסטאמ פארשטייט ער... וועט דאָס בלייבנ דאָ... נאָר ער דארפ וויסנ, פאָטאפ איגנאטיטש, אז ניט היינט, איז מאָרגנ קאָנענ דאָ זיינ די דייטשנ.

ראָמאָ פעדראָווי איז אוועק, אונ פאָטאפ איגנאטיטש האָט ניט גע-ווּסט — עפשער האָט ער טאקע געדארפט לאָזנ ארויספירנ דעמ מוזיי. נאָר דער געדאנק וועגנ דעמ האָט בא אימ בלויז ארויסגערופנ אנ עלטער-לעכע, שארפע צערייצטקייט.

ס'איז געווענ א טאָג, ווענ די שיסעריי האָט זיכ שוינ געהערט גאָר נאָענט ערגעצ ארומ יישעוו גובקי. דאָדע איז דאנ געקומענ צו פאָטאפ איגנאטיטשנ אונ איז שטיל אָפגע-זעסנ בא אימ עטלעכע שאָ אפנ קאסטנ אינ ווינקל, ווו ס'איז געהאנגענ

רובענסעס א גרויסע גראַוויור... דאָס יינגל האָט ליב געהאַט דעמ דאָזיקנ ווינקל, ער פלעגט זיכ אַלע מאָל אָנשפּאַרנ מיט א קני אינ קאַסטנ אונ קוקנ אַפ דער גראַוויור. אָבער דאָס מאָל איז ער דאָרט געזעסנ אַראָפּגעהאַנגענ די פיס, א פאַרגליווערטער, מיט אָפּגעשטעלטע אויגנ, וואָס זעענ, דוכט זיכ, גאָרנישט, ער האָט געקוקט פאַר זיכ, אינ אַנטקעגנדיקנ פענצטער, ווו עס האָבנ זיכ געזעענ די בערג קאַראַ-דאַג, זײַנ פּאָנעמ איז געווענ בלאַס, די ליפּנ האָבנ זיכ עפּעס קינדעריש-ווייטיקדיק געקרימט. פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט ניט געוואָלט אַרויסווײַזנ זײַנ אומרו פאַרנ שילער; כאָטש ס'האָט אימ שטאַרק געריירט דעמ יינגלס צושטאַנד, איז ער ניט צוגעגאַנגענ צו אימ. ער האָט געשוויגנ, איז געזעסנ אַפּנ ברייטנ שטול, באַמ שרײַבטיש, נאָר גאָרנישט ניט געטאָנ. זײַנע הענט, וועלכע זײַנענ געלעגנ אַפּנ אָפענעמ בוכ, האָבנ געציטערט, האָט ער זיי אַראָפּגענומענ אונ אַוועקגעלייגט אַפ די קני. ער האָט געזוכט אינ זיכ רויִקייַט, זיכערקייַט, נאָר ניט געפונענ. ער האָט מיט אַלע כושימ זיכ אײַנגעהערט אינ דער ווײַטער שיסערײַ, אַזש די וואָרצלענ פונ זײַנע שיטערע האָר אַפּנ קאָפּ אונ אַפ די באַקנ האָבנ אימ געשטאָכנ. ער האָט מוירע געהאַט? ניינ. עפּעס איז דאָס ניט געווענ קיינ מוירע. א גרויסע זאָרג, א שווערקײַט פונ דער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, וואָס לייגט זיכ אַפ אימ, האָט אימ געפּרעסט. א גליווערנדיקע קעלט האָט דורכגענומענ זײַנע דאַרע פּלייצעס. אונ דאָכ האָט ער געטראַכט ניט וועגנ זיכ, ניט וועגנ זײַנ ווינקל — אימ האָט זיכ אַלצ געדוכט, אַז זײַנ זאַכ איז א זײַטיקע. אימ איז שווער געווענ פאַרנ ווייטעק פונעמ דאָזיקנ יינגל, אימ האָט געשראָקנ דער גוירל פונעמ לאַנד. עפּעס האָט זיכ אימ דאָכ ניט געגלייבט, אַז אַלצ קאָנ פאַרפלייצט ווערנ. אַז דאָס איז ניט אַפ לאַנג, איז ער אַלציינס געווענ איבערצײַגט.

ס'איז צוגעפאַלנ די נאַכט אונ דאָדע איז ניט אַוועקגעגאַנגענ אַהיימ. ער האָט אַרופגעצויגנ די פיס אַפּנ קאַסטנ, אונטערגעלייגט א האַנט צוקאָפּנס אונ זיכ אַזוי צוגעגרייט שלאָפּנ. פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט אימ צוגעטראָגנ זײַנס א קישנ. ער האָט פאַרשטאַנענ, אַז דאָס יינגל לעבט עפּעס איבער שווערס, פּערזענלעכס. ער האָט אימ ניט געפרעגט וואָס, נאָר ער איז אימ נאָכ מער טײַער געוואָרנ, ער האָט א גרויסע זאָרג פאַר אימ דערפילט. שוינ שפּעט באַנאַכט, ווענ ס'האָט אינ דרויסנ גענומענ גיסנ א שלאַקסרעגנ, האָט דאָס יינגל אופגעהויבנ דעמ קאָפּ פונ קישנ אונ שטיל, מיט א פלוצעמדיקער רויִקײַט אינ קאָל, געזאָגט:

— אַזאַ רעגנ... אונ דער טאַטע איז מיט פּעדראָוויס אָטריאַד דאָכ אַוועק אינ די בערג...

פאָטאָפּ איגנאַטיטש איז זיצנ געבליבנ א פארגליווערטער. ער האָט מיטאמאָל דערפילט א שטארקע איינזאמקײַט. ס'איז שרעקלעכ געווענ פונעם באַוווסטזײַנ, אז דער יִשעוו איז פארלאָזט אונ אומבאשיצט... פונ דרויסנ האָט זיכ דערטראָגנ דער שווערער רויש פונ די כוואַליעס, ס'האָט זיכ צעשפּילט א שטורעמ. דער ווינט מיטנ רעגנ האָבנ געקלאַפּט אינ די לאָדנ, אינ די ווענט, ווי עמעצ זאָל זיכ דראַפּענ אפ זיי. אונ ס'האָט זיכ געדוכט, אז באלד וועלנ דער ווינט, דער רעגנ אונ די צעבושעוועטע כוואַליעס אונטערכאַפּנ די שטיבלעכ פונעמ יִשעוו, אונטערכאַפּנ דאָס דאָזיקע שטיינערנע הויז אונ עס פארטראָגנ ערגעצ ווײַט. אזא פארורטיילטקײַט האָט געלויערט איבער אלצ, אז דעמ אלטנ איז איצט גאָר נישט קיינ שאָד ניט געווענ אונ גאָרנישט שרעקלעכ געווענ...

אינדערפרי איז דאָדעס מוטער געקומענ אונ האָט דערציילט, אז קאַיאָר זײַנענ דאָ דורכגעגאנגענ עטלעכע לעצטע גרופּעס רויטארמייער, זיי האָבנ זיכ ארײַנגעזעצט אינ שיפלעכ אונ אוועקגעשווומענ אינ דער ריכטונג צומ יִשעוו וועסטי. גלײַכ נאָכ דעמ זײַנענ אפּ מאָטאָציקלענ אָנגעפאָרנ עטלעכע דײַטשנ.* נאָר זיי האָבנ ווײַטער פונ יִשעוו זיכ ניט געלאָזט, זיי זײַנענ ארײַנ אינ דאָרפ-מאגאזינ, ארויסגעשלעפּט פארשיידענע קליידונג אונ עסנווארג אונ אוועקגעפאָרנ צוריק. איצט איז אינ יִשעוו קיינער ניטאָ. די מוטער האָט געבראכט דאָדענ עסנ — א געקאָכט פישל צווישנ צוויי צונויפגעלייגטע שטיקלעכ ברויט. נאָר פּאָטאָפּ איגנאַטיטש האָט זי מיט דעמ אָפּגעשיקט צוריק. ער וועט דאָ האָבנ וואָס צו עסנ, דאָדע. דאָס יִנגל איז פארבליבנ בא פּאָטאָפּ איגנאַטיטשנ.

דער אלטער פּראָפעסאָר האָט איצט געפילט א באזונדערע טרייסט פונ דעמ, וואָס דאָדע איז דאָ. ער האָט זיכ געוואָלט איגנאַנצנ פארגעסנ, ניט געדענקענ, וואָס עס טוט זיכ ארומ. ער האָט זיכ אריבערגעקליבנ מיט דאָדענ אָפּנ צווייטנ שטאָק, אינ מעזאָנינ. ער איז קיינמאָל ניט געשלאָפנ אינ זאַל פונ מוזיי, אינ יאָסיפּס ווארשטאט, ניט געוואָלט וואָכעדיק מאַכנ דאָס דאָזיקע אָרט. נאָר איצט האָט אימ, פארקערט, געצויגנ אהינ די גאנצע צײַט, באטאָג אונ באנאכט, אזוי ווי ער זאָל מוירע האָבנ, אז עפּעס קאָנ אינ זײַנ אָפּוועזנהײַט דאָרט געשענ...

דעמ אלטנ קינסטלער האָט אָנגעהויבנ א מאָדנער דראנג צומ מאָלנ. ער האָט אָנגעצויגנ א לײַוונט אונ מיט א דינעמ פּענדזל גענומענ אָנווארפנ אפ דעמ קאָנטורנ פונ א שטורעמדיקנ יאמ מיט א שיפ אינ הינטערגרונט. ער האָט אינ דעמ דאָזיקנ בילד געוואָלט ארײַנלייגנ זײַנ בענקעניש, זײַנ טרויער אונ זײַנע פארבאָרגענע האָפענונגענ. דאָדע האָט געמאָלט דעמ קארא-דאג, וואָס האָט זיכ געזענ דורכ די פענצטער; ער האָט דערבײַ געהאלטנ אינ איינ ריידנ פונ די דאָזיקע בערג אונ קעסיי-

דער געקוקט אַהינ. אַט אַזוי האָבנ זיי געלעבט, דער אַלטער קינסטלער אונ דאָס ייִנגל, אינעמ פוסטנ הויז, אונטערנ גלעזערנעמ דאַכ פונ וואַרשטאַט. אינ די שפּעטע האַרבסטיקע אָוונטנ פלעגט די לעוואָנע אויפגיינ צווישנ די צעריסטע וואָלקנס, דאַנ פלעגט איר שײַנ זיכ אויסמישנ מיט דער שוואַכער שײַנ פונעמ לאָמפּ, אונ די סטאַטועטקעס אונ פיגורלעכ אונ מער פונ אַלצ — „דאָס ייִנגעלע מיטנ פײַלנבויגנ" פלעגנ ווי אײַנגעהילט ווערנ אינ אַזאַ שטילנ צויבער. דאָדענ פלעגט זיכ דוכטנ, אַז אַלצ לעבט דאָ, עס לעבט דאָס דאָזיקע ייִנגעלע מיטנ פײַלנבויגנ, ס'איז זײַנער אַ כאַווער, אונ ער האָט געקאָנט אינ געדאַנק זיכ דורכריידנ מיט דעמ, זיכ פאָרשטעלנ אַפילע, ווי ער גייט מיט דעמ אַוועק ווײַט אינ די בערג קאַראַ-דאַג צו דאָמאָ פעדראָווס אָטריאַד. אונ פּאָטאַפּ איגנאַטיטש פלעגט אינ דער פאַרגליווערטער שטרענגקײַט פונ די סקולפּטורנ דערפילנ אַזאַ אָפּגעשלאָסנקײַט, ווי ס'זאָל יעדערער פונ זיי זײַנ באַוווּסט אַ סאָד, וואָס יאָסיפ האָט אימ זיי איבערגעגעבנ, אַ סאָד, וועלכנ ער קאָנ אַלצ ניט אַנטפּלעקנ, אונ טראַכטנדיק אַזוי, איז ער זייער ווײַט געווענ פונ דער קאַנאָנאַדע, וואָס האָט מיט שטילע בליצנ באַלויכטנ דעמ האָריזאָנט, ווײַט געווענ אַפילע פונ דער שיסערײַ, וואָס האָט זיכ צײַטנווײַז געהערט אינ די בערג...

ס'זײַנענ פאָריבער דרײַ טעג. אינ אַ כמורנעמ אינדערפרי, נאָכ דעמ, ווי ס'האָט אַ גאַנצע נאַכט געגאָסנ אַ רעגנ, אונ דער יאַמ, וואָס האָט שטאַרק געשטורעמט, האָט, אַנ אײַנגעמידטער, זיכ געשטילט, איז צומ זאַמדיקנ ברעג, ניט ווײַט פונ פּאָטאַפּ איגנאַטיטשעס הויז צוגעשווומענ אַ שיפל. צוויי פאַרשוינענ זײַנענ פונ דעמ אַראָפּגעשפּרונגענ אונ אַרויסגעשלעפּט עס אויפנ ברעג. דערנאָכ זײַנענ אַראָפּגעשפּרונגענ נאָכ דרײַ. מע האָט גלײַכ פונווײַטנס געקאָנט זענ, אַז דאָס זײַנענ ניט קיינ אונדזעריקע — אַפילע די באַוועגונגענ זייערע, דאָס האַווענ אַרומ שיפל איז געווענ עפּעס אַנ אַנדערש. דאָס זײַנענ געווענ דײַטשנ. זיי זײַנענ אַלע געגאַנגענ אינ מאָדנע, קורצע רעגנמאַנטלענ. ווי פרויִשע פעלערינעס, אינ בלוילעכ-גרינע היטלענ מיט קאָקאַרדעס פונ פאָרנט, איינער איז געווענ אינ אַ קאַסקע. דאָס שיפל האָט דער ערשטער באַמערקט דאָדע אונ פאַרשטיקט אַ געשריי געטאָנ. דערנאָכ איז צומ פענצטער צוגעגאַנגענ פּאָטאַפּ איגנאַטיטש, אַ קוק געטאָנ אונ באַלד אָפּגעטראָטנ צוריק. דער אַלטער איז בלאַס געוואָרנ, האָט אַ קרימ געטאָנ זײַנע ליפּנ, אַ הייב געטאָנ די אַקסל, ווי ער זאָל וועלנ מיט זיי דערלאַנגענ ביז די גרײַזע, צעשויבערטע באַקנבאַרדנ.

דאָדע האָט זיכ צוגערוקט צומ פענצטער אונ פונ דער זײַט מיט איינ אויג גענומענ נאָכשפּירנ נאָכ די דײַטשנ.

— זיי גייענ ארופ אפנ ברעג... — האָט ער איבערגעגעבנ פּאָטאפּ איגנאַטיטשנ. — צוויי פֿארקערעווענ אינ יישעוו, זונ דרײַ... פּאָטאפּ איג-נאַטיטש, די דרײַ גייענ, דוכט זיכ, צו אונדז!

דאָס יינגל איז אָפּגעטראָטנ פונ פענצטער, פֿארביסנ א ליפּ אונ זיכ ארומגעקוקט, ווי ער זאָל זוכנ אנ אָרט אפּ זיכ צו באהאַלטנ.

ס'האָט זיכ דערהערט א סקריפּ בא דער פּאָרטקע, דערנאָכ — א קלאַפּנ. די פּאָרטקע איז געווענ פֿארשפּארט. פּאָטאפּ איגנאַטיטש האָט שוינ געטראַכט זיכ א לאָז טאָנ עפענענ, ער האָט געגעבנ א גיי-צו צומ פענצטער, נאָר דאָ האָט ער דערזענ, אז איינ דײַטש איז שוינ אריבער-געשפּרונגענ איבערנ פּלויטל, אונ א צווייטער, א הויכער, אינ א פיר-עקנדיקער קאַסקע, האָט מיט ביידע הענט א הייב געטאָנ די פּאָרטקע, אונ זי איז אראָפּ פונ די האַקנס. ער האָט זי אָפּגעוואָרפנ אינ א זײַט אונ איז דורכגעגאַנגענ. פּאָטאפּ איגנאַטיטש איז פֿארגליווערט געוואָרנ, ווי כּע זאָל אימ אָפּטאָנ די גרעסטע באַליידיקונג. „נאָכ וואָס האָט מענ גע-דאַרפט ברעכנ די פּאָרטקע?" — ער האָט אופגערעגט א צוק געטאָנ מיט די געדיכטע ברעמענ, אינ זײַנע עלטערלעכע אויגנ מיט די בלוט-אָדער-לעכ האָט זיכ באַוויזנ א קאַסטיק-באַליידיקט פֿײַערל. ער האָט מיט זײַנע צויסגעטריקנטע, ווײַסע פינגער זיכ גענומענ פֿארשפּיליענ דעמ גרויענ סורדוט. ער האָט געוואָלט, אז די דײַטשנ זאָלנ זיכ באַלד אופהייבנ אינ מעזאָנינ. ער איז שוינ גרייט געווענ זיי ארויסזאָגנ זײַנ טיפע אופּגעבראַכטקײַט. נאָר ס'האָט געדויערט א מינוט, אונ זיי זײַנענ ניט געגאַנגענ. דאָדע איז צוגעגאַנגענ א בלאַסער צו פּאָטאפּ איג-נאַטיטשנ.

— לאָמיר אוועקגיינ פונדאַנענ, פּאָטאפּ איגנאַטיטש, לאָמיר זיכ ערגעצ פֿארבאַהאַלטנ.

דער אַלטער קינסטלער האָט מיטאַמאָל דערפֿילט א שרעק — אוועק-גיינ איז שוינ ניט געווענ ווהינ. ער האָט זיכ דערפֿילט, ווי פֿארשפּאַרט אינ א שטײַג. אונ פֿארוואָס גייענ זיי ניט, יענע דרײַ? נאָר פּלוצעמ — א געדאַנק: אונ עפּשער וועלנ זיי ניט ארופ אַהער, עפּשער איז גראָד דאָ די רעטונג? ער האָט א טראָט געטאָנ צומ טונקעלנ גאָבעלענ, וואָס איז געהאַנגענ איבערנ פענצטער, הינטער דעמ סקולפּטור „דאָס יינגעלע מיטנ פֿײַלנבויגנ". דאָ, הינטערנ גאָבעלענ, האָט מענ זיכ געקאָנט פֿאַר-באַהאַלטנ. דאָס פענצטער איז געווענ א דורכויסיקס, ביזנ דיל, אונ ווײַטער האָט זיכ עס געצויגנ ביזנ ערשטנ שטאָק. צווישנ דיל אונ די שויבנ איז דאָ געווענ א לענגלעכע עפענונג. דורכדאַנענ פֿלעגט די קאַצ אַלע מאָל ארופקלעטערנ אינ מעזאָנינ, דורכדאַנענ האָט מענ געקאָנט זענ, וואָס עס טוט זיכ אונטנ, אינ קאָרידאָר, פונדאַנענ וואָלט, בא לעצט

ברייִדע, זיך געקאָנט אראָפּלאָזן דאָרטע, ווען די דײַטשן גייען אהער ארום. דאָס אלץ האָט פאר איין אויגנבליק דורכגעבליצט בא פּאָטאפּ איגנאטיטשן אין קאָפּ, און ער האָט זיך דערפילט רויִקער.

זיי האָבן זיך באהאלטן הינטערן גאָבעלען. און דאָך איז דער אלטער נאָך ניט געווען זיכער, אז ער דארף זיך באהאלטן. עפּעס האָט ער אינגאנצן די מוירע פארלאָרן. די דײַטשן האָבן זיך געפּאָרעט אין ערשטן שטאָק, ער האָט געהערט, ווי זיי ריידן דאָרט, ווי זיי קלאפּן מיט די טירן. דאָרט איז זײַן ביבליאָטעק, זיי זאָלן כאָטש גאָרנישט ניט טשעפּען פון איר...

שווערע טריט. די דײַטשן גייען איבערן קאָרידאָר. זיי זײַנען ארויס אין דרויסן, מע רעדט הויך. עפּעס איז איינעם שטארק געפעלן, און ער לאכט, פארכלינעט זיך אזש. מע הייבט זיך אוף אף די טרעפּ, צום מע-זאָנין. מע פארטשעפּעט זיך, ווי שיקערע. און דער איינער לאכט אלץ. עס לאכן שטילער אויך די איבעריקע. אָט איז מען שוין בא דער טיר. אפן גאנעקל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. דאָדע איז בלאס, ער האָט פארביסן די אונטערשטע ליפּ. ער האלט מיט איין האנט דעם שנור, וואָס הענגט אראָפּ פונעם גאָבעלען, און מיט דער צווייטער פּלײַסט ער זיך בעסער צוטוליען צו דער וואנט דאָס לײַוונט. ער קוקט מיט א בענקענדיקן בליק אפן ווײַטן קארא-דאג, וואָס ליגט א שווארצער, א פארצויגענער מיט לײַכטע וואָלקנס. פּאָטאפּ איגנאטיטש וויל אים טרייסטן. פארוואָס האָט ער דאָס ייִנגל ניט אָפּגעשיקט אהיים? נאָר ער האָט דאָך געמיינט, אז דאָ וועט זײַן זיכערער. און יענע טאָפּטשען זיך נאָך איצט אפן גאנעקל, זעט אויס, זיי קוקן, ווי שיין ס'איז פונדאנען דער יאם, די ארומיקע בערג און דער ייִשעוו. נאָר ניין, מע קלאפּט דאָך אין טיר. פּאָטאפּ איגנאטיטש האָט גאָרניט געהערט. ער האָט דאָך נאָך הײַנט פון באנאכט די טיר ניט געעפנט. ער וויל זיך א לאָז טאָן עפענען, נאָר ער פארהאלט זיך באלד. עפּשער בעסער זיך ניט ארויסווײַזן פונ-דאנען? ער דערקלערט אינקורצן דאָדען: ווען מע בינדט צו אהער, צום הענטל פונעם פענצטער, א שטריקל, קאָן מען זיך אראָפּלאָזן אפן ערשטן שטאָק. דאָדע שאָקלט שטיל מיטן קאָפּ. ער איז א פארשטאנדיק ייִנגל. נאָר ער נעמט זיך דאָס ניט טאָן. ער האלט פארן ארבל פּאָטאפּ איגנא-טיטשן, ער וועט דאָ זײַן מיט אים. ער וועט אים ניט ארויסלאָזן פונ-דאנען.

פּלוצעם האָט א פּראל געטאָן די טיר. ס'האָט זיך א שאָט געטאָן דאָס גלאָז. פּאָטאפּ איגנאטיטש קאָן דאָ מער ניט שטיין. ער טאָר זיי ניט לאָזן איינע אליין אומגיין איבערן מוזיי. זיי קאָנען דאָרט אָנמאכן ער ווייסט אליין ניט וואָס. דאָדע באווײַזט ניט קיין וואָרט ארויסריידן,

ווי פאָטאפ איגנאטיטש טוט א גיי ארויס פונ הינטערנ גאָבעלענ. ער איז פונקט ארויס מיט א רעגע פאר דעמ, ווי אינ זאל זײַנענ איינס נאָכנ צווייטנ ארײַנ די דײַטשנ. זיי זײַנענ הויכע. זיי זײַנענ אָנ די רעגנמאנטלענ, אונ מע זעט שליפעס אפ זייערע גוט אופגענייטע גרינלעכ-גרויע מונדירנ. דאָס זײַנענ אָפיצערנ. זיי קוקנ זיכ ארומ פארכידעשט, נאָר מיט א טראָפעלע ביטל אונ גרויסקײַט. איינער פונ זיי האלט אינ האנט א יאפאָנישע פיזשאמע. פאָטאפ איגנאטיטש וואָלט געמעגט שווערנ, אז דאָס איז זײַנ פיזשאמע. האָבנ זיי זיכ געפאָרעט אינ שאפע?! אונ אָט האלט איינער זײַנ באָבריק-פאלטאָ — דאָס איז אימ אנ אָנדענק פונ דער שווייצ. פאָטאפ איגנאטיטש שווײַגט, ווי ס'זאָל אימ דאָס לאָשנ אָפנעמענ. אונ אימ ווילט זיכ שרײַענ, קאסדיק אָנשרײַענ אפ די דאָזיקע ברוימ. זיי דארפנ סאָפקאָלסאָפ וויסנ, ווו זיי געפינענ זיכ. ער איז דאָכ געווענ אינ בײַערנ, פאָטאפ איגנאטיטש, אינ מינכענ האָט מענ אימ אופגענומענ אינ די שענסטע הײַזער. צווישנ קינסטלער, פארשטייט זיכ. בייס זײַנ באזוכ אינ האמבורג האָט דער גרויסער מאָלער דאָלד געהאלטנ פאר א קאָוועד קומענ צו אימ אינ האָטעל. אונ וויפל האָבנ די בערלינער בלעטער געשריבנ וועגנ יאָסיפנ. ספעציעל פונ בערלינ איז געקומענ אהער א רעפאָרטיאָר פאָטאָגראפירנ דעמ מוזיי אונ „דאָס יינגעלע מיטנ פײַלנבויגנ". זיי וואָלטנ געמעגט וויסנ, ווו זיי געפינענ זיכ, די אָפיצערנ, אונ זיכ דאָ פירנ אָנשטענדיק.

איינ אָפיצער איז א געלער, מיט א רויט געזיכט, וואָס איז ווי אָפגעבריט. בא אימ איז א שארפע, שפיציקע נאָז. דאָס גאנצע פאָנעמ איז א שפיציקס. דאָס האלט ער די פיזשאמע אונ שלעפט די ארבל איבערנ דיל. ער גייט צו צו א סטאטועטקע פונ א נאקעטער נעגערנ אונ צעלאכט זיכ הויכ. ער זאָגט וועגנ איר א גראָבקײַט אונ טײַט מיט א פינגער אפ אירע פעסטע ברוסטנ... די איבעריקע צוויי טוענ זיכ א לאָז אהינ אונ באקוקנ זי כיכיקענדיק. דערנאָכ געפינט מענ צווישנ די סטאטועטקעס נאָכ א נאקעטע פיגור — א יינגל האָט זיכ אופגעכאפט פונ שלאָפ אונ ציט זיכ אויס. איינ אָפיצער נעמט די סטאטועטקע אינ די הענט, באטראכט זי שמייכלענדיק אונ טוט זי א לייג ארונטער אונטער דער פאכווע. דאָס איז שוינ זײַנס. פאָטאפ איגנאטיטש האלט ניט אויס. ער גיט א גיי-צו צומ אָפיצער, טוט א נעמ פונ אונטער זײַנ פאכווע די סטאטועטקע אונ שטעלט זי אוועק צוריק אפנ הויכנ טישל.

— דער הער דארפ וויסנ, — זאָגט ער צו יענעמ דײַטש, — אז דאָ איז א מוזיי פונ א בארימטנ קינסטלער אונ מע טאָר דאָ גאָרנישט טשעפענ...

דער אָפּיצער קוקט אימ אָנ פּאַרכידעשט, ער טוט זיכ א מינע אינ פּאָנעמ. בא אימ זײַנענ קלײנע, גרינע אויגנ, קלײַענדיקע אויגנ-לעפּלעכ אונ א קלײַענדיקע נאָז. די ווײַעס פינטלענ בא אימ ניט. נאָר מיטאמאָל טוט ער א קרומלעכנ שמײכל, ער גיט א גײ פאָרויס, אָפּשטויסנדיק מיט דער ברוסט פּאָטאַפּ איגנאַטיטשנ, אונ טוט ווי ניט בעקיוונ א פאַרטשעפּע מיט דער פוס דאָס הויכע טישל. דאָס טישל טוט זיכ א בײג, דאָס פיגורל פונעמ ייִנגעלע, וואָס ציט זיכ אויס נאָכנ שלאָף, טוט א פאַל אַפ דער ערד, אונ סע ליגנ שוינ בלויז שטיקלעכ צעשאָטענער אונ צעבראָכענער גיפּס... פּאָטאַפּ איגנאַטיטש טוט פאַרצווײפלט זיכ א בײג צונויפנעמענ די טײַערע שטיקלעכ גיפּס, ער פּרוּװט איבערנ דיל, נאָר דאָ טוט א פאַל אראָפּ נאָכ א פיגורל — די אַלטיטשקע, וואָס שטריקט א זאָק...

פּאָטאַפּ איגנאַטיטש בלײַבט שטײנ אַפ די קני. זײַנ פּאָנעמ האָבנ ספּאַזמעס געקרעמפּט, ער קוקט מיט בעטנדיקע אויגנ אַפנ דײַטש, אונ יענער שמײכלט אײַנדערקרימ, אזוי ווי דאָס פּאָנעמ זאָל זײַנ א היל-צערנס.

דערווײַל האָט דער דריטער, וואָס איז געגאַנגענ אינ א קאַסקע אונ אינ ברילנ, זיכ די גאַנצע צײַט געגראָבנ אינ די פּאַפּירנ אונ בראָשורנ, וואָס זײַנענ געלעגנ אַפנ טישל, ווו די באַזוכער פלעגנ איבערלאָזנ אָפּ-רופנ וועגנ יאָסיפנ. מיטאמאָל האָט ער א געשרײ געטאָנ:

— יודיש! יודיש! — ער האָט אזוי קוויטשיק א געשרײ געטאָנ, ווי ער זאָל אַרופּטרעטנ אַפ עפּעס א לעבעדיקס.

ער איז צוגעגאַנגענ צו די צווײ אָפּיצערנ א ציטערנדיקער, א בלאָווער, אָנגעכאַפּט זײ בא די אַרבל אונ צוגעשלעפּט צומ טישל. ער האָט זײ געשטופּט א בראָשורל, וואָס איז אמאָל אַרויס אינ בערלינ וועגנ יאָסיפנ:

— יודיש! יודע!..

פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט עפּעס מיטאמאָל זיכ ניט געכאַפּט, וואָס דאָ קומט פאָר. ער איז אויפגעשטאַנענ. ער איז געווענ דערשיטערט פונ-נעמ ברוכ, געהאַלטנ אינ די הענט צווײ שטיקלעכ גיפּס — א האַנט אונ דעמ קאָפּ פונ דער אַלטיטשקער — אונ האָט ניט געוווּסט, וווּהינ דאָס אַהינטאָנ. נאָר מיטאמאָל האָט ער דערזענ, ווי דער אָפּיצער אינ קאַסקע האָט אַרויסגעכאַפּט דעמ מאַוזער אונ עטלעכע מאָל אויסגעשאָסנ אינ יאָסיפּס פּאָרטרעט. דערנאָכ האָט ער א בײזער, א ציטערנדיקער פונ קאַס, זיכ געגעבנ א קערעווע אויס מיט אנ אויסגעשטרעקטנ מאַוזער, זוכנדיק מיט די אויגנ, אינ וואָס נאָכ שיסנ. ער האָט זיכ אָנגעצילט אינעמ „ייִנגעלע מיטנ פײַלנבויגנ". פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט ניט מיט זײַנ קאָל

א געשריי געטאָן. ער האָט זיך געגעבן א וואָרף צום אָפּיצער און שטיין געבליבן פאַר אים מיט צעשפּרייטע הענט, פאַרשטעלנדיק מיט זיך יאָסיפס סקולפּטור און דאָס פענצטער, ווו דאָרט איז געשטאַנען. ער האָט געזאָגט שטיל, פאַרטויבט אַרויסשטויסנדיק פון זיך די ווערטער, הויקערנדיק זיך, קוים אײַנשטייענדיק אַפּ די פיס: „זאָל דער הער אָפּיצער שיסן אין אים... דער הער אָפּיצער וויל שיסן, איז זאָל ער בעסער צילן אין אים... ער איז שוין אַלט און ס'איז אים געבליבן ווייניק צו לעבן... דאָס איז דאָך א קונסט-ווערק, וואָס וועט לעבן יאָרהונדערטער, דאַרף מען עס ניט פאַטערן... ער וועט גערן זיך אוועקשטעלן, מע זאָל צילן אין אים"...

ער איז אָפּגעטראָטן א שפּאַן, פּאָטאַפּ איגנאַטיטש, נאָך א ביסעלע אָפּגעטראָטן, ער האָט מיט די אויגן געבעטן, מע זאָל שיסן אין אים, איבערגעפירט זיי פון איין אָפּיצער אַפּן צווייטן. א קאַלטער שווייס האָט אים באַדעקט, ווען ער האָט דערזען, אַז זיי שפּילען אַלע אָפּ די קאָבורעס, נאָר ער האָט זיך געפלײַסט א שמייכל טאָן, פון וואָס זײַן פּאָנעם מיט די ווײַסע באַקנבאַרדן האָט זיך נאָר צעקרימט. ער האָט זיך געפרייט, יאָ, יאָ. פאַר אים האָט אויפגעשײַנט דער ווײַטער, ווינטערדיקער טאָג, ווען ער האָט געפונען יאָסיפן; ס'האָבן זיך פאַר אים צעשײַנט די טעג, ווען ער פלעגט יאָסיפן לערנען, ווי ער פלעגט זיך פרייען און איבעראַשט ווערן פון זײַן יעדן נײַעם פאַרטראַכט, פון זײַן יעדער נײַער אַרבעט. און אָט די לעצטע טעג זײַנען אָט דאָ מיט דאָרטן, וואָס וועט טאַקע ווערט זײַן יאָסיפן, — ניין, אים האָט גאָרנישט ניט באַנק געטאָן, פּאָטאַפּ איגנאַטיטשן, ער האָט גליקלעך געלעבט און איצט איז ער גליקלעך, וואָס ער קאָן אָט אַזוי זיך אוועקשטעלן מיט אַן אויסגעשטרעקטער ברוסט און נעמען אַפּ זיך די קוילן, וואָס דאַרפן דורכלעכערן יאָסיפס גענ:אַל ווערק און דאָרטן — דעם יונגן יאָסיפּ... ער רוקט זיך נאָך מער אָפּ אין א זײַט, די קוילן זאָלן גיין ווײַט פונעם פענצטער. דאָרטן קער שוין דאָרט צוביינדן דאָס שטריקל צום הענטל פונעם פענצטער, — גוט, וואָס ער האָט דאָס אים אָנגעזאָגט...

ס'טוט א הילך א שאָס. פּאָטאַפּ איגנאַטיטש האָט גאָר ניט באַמערקט, ווען מע האָט אויסגעשאָסן. ס'האָט אים א שלײַדער געטאָן אַפּ דער ערד. אָבער ער האָט זיך נאָך געפלײַסט אופשטיין און א קוק טאָן אַרום. ער האָט נאָך, אשטייגער, געוואָלט צופויזען צום פענצטער און א קוק טאָן הינטערן גאָבעלען, צי דאָרטן איז טאַקע אַוועק, און אַפּן „יינגעלע מיטן פײַלנבויגן" האָט ער נאָך געוואָלט א קוק טאָן, צום לעצטן מאָל. פאַרגעדענקען עס. ער האָט זיך אופגעהויבן.. ווידער צוויי שאָסן... דאָס מאָל האָט ער באַמערקט — דער געלער און יענער אין

דער קאסקע האָבנ ווי צוויי פײַערדיקע שפּיזנ אויסגעשטעקט אונ אימ אומגעוואלגערט. איצט איז ער געלעגנ מיט א באַק צוגעדריקט צומ דיל אונ מיט איינ אויג, א גרויסנ אונ א שטרענגנ, געזענ: די דרײַ אָפיצערנ טוענ נאָכ עטלעכע שאָסנ אינ די בילדער ארומ, אינ די סטאטועטקעס אונ אינעמ „יינגעלע מיטנ פײַלנבויגנ". ס'איז אָפּגעשפּרונגענ א שטיק מארמאָר, נאָר פונקט דאָרט, באמ ארבל, וווּ יאָסיפּ האָט ניט באוויזנ פארענדיקנ... פּאָטאפּ איגנאטיטש האָט ארויסגעלאָזט א שווערנ כריפּ אונ ליגנ געבליבנ מיט א גלעזערנ, אָפּנ שטרענג אויג...

* * *

די ערשטע מינוטנ, ווענ די אָפיצערנ זײַנענ ארײַנ אינ מעזאָנינ, איז דאָדע געשטאנענ הינטערנ גאָבעלענ אונ מיט א פארטײַעטנ אָטעמ זיכ אײַנגעהערט. ער האָט ניט פארשטאנענ זייערע רייד, זייער געלעכטער. ער האָט אויכ ניט פארשטאנענ, וואָס פּאָטאפּ איגנאטיטש האָט אופגעבראכט זיי געזאָגט. ער האָט נאָר דערהערט, ווי די סטאטועטקע האָט א זעצ געטאָנ אינעמ דיל אונ זיכ צעשאָטנ, דערהערט פּאָטאפּ איגנאטיטשעס אויסגעשריי אונ זײַנ פויזענ איבער דער ערד. טרערנ האָבנ זיכ געשטעלט בא דאָדענ אינ די אויגנ. א געוויינ האָט אימ גענומענ ווארגנ, ער האָט הילפלאָז צונויפגעדריקט די פויסטנ. ער האָט זיכ א כאפּ געטאָנ צומ שנור פונעמ גאָבעלענ. ער האָט געדארפט אײַלנ, נאָר ער האָט קיינ מעסערל ניט געהאט אונ גענומענ איבערבײַסנ דעמ שנור מיט די ציינ. ער האָט געהערט, ווי נאָכ עפּעס האָט א זעצ געטאָנ אינ דיל, ער האָט אינגאנצנ געציטערט פאר אָנשטרענגונג. דעמ שנור האָט ער איבערגעביסנ אונ שנעל אימ צוגעבונדנ צומ הענטל פונעמ פענצטער. ער האָט זיכ שוינ געוואָלט ארויפלאָזנ אינ קאָרידאָר, ווענ ער האָט דערהערט דעמ קוויטשיקנ געשריי פונעמ דײַטש. הענט אונ פיס האָט באמ יינגל אָפּגענומענ פונ דעמ דאָזיקנ געשריי.

עטלעכע שאָסנ. ס'האָט אימ פארטויבט. צומ אלעמערשטנ האָט אימ א שטויס געטאָנ ארויסלויפנ פונ הינטערנ גאָבעלענ צו פּאָטאפּ איגנאטיטשנ. נאָר ער האָט באלד דערהערט יענעמס פארצווייפלט געשריי. מיט איינ שפּרונג האָט דאָס יינגל זיכ ארויפגעלאָזט אפנ ערשטנ שטאָק. ער איז ארויס אינ דרויסנ אונ זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ די קוסטעס. ער האָט ניט געוואגט ארויסלויפנ אפנ ברעג. אפנ ברעג זײַנענ גראָד דעמלט געגאנגענ פונעמ יישעוו די צוויי דײַטשנ, וואָס זײַנענ פריער אוועק אהינ. זיי האָבנ געטראָגנ פלעשער ווײַנ, אנ אָקאָראָק, גערויכערטע פיש. זיי זײַנענ דורכגעגאנגענ הארט לעבנ דאָדענ; ער האָט זיכ צוגעדריקט צו דער ערד, צווישנ דערנער אונ קראָפּעווע. ער האָט ניט געעטעמט. ער האָט געזענ, ווי די שווערע שיכ פונ די דײַטשנ גראָבנ זיכ

אײַנ אינ פֿײַכטנ זאמד, א ביסעלע זאמד האָט אים אפֿילע ג׳טראָפֿנ אינ שטערנ. זײ זײַנעג דורכגעגאנגענ, האָט ער זיכ ווידער געלאָזנ דורכ די ווײַנגערטנער אונ סעדלעכ, געגאנגעט זיכ הינטער די פּלויטנ, דורכ די ריוונ אהינ, צום קארא־דאג.

אינ צענ מינוט ארום האָט ער שוינ געדראפּעט זיכ אפֿ די שטײנער. ניט אומזיסט איז ער אזויפֿיל אומגעקראָכנ אינ די בערג. ער האָט דאָ געוווּסט יעדעס שטעגעלע, געוווּסט דעם סאמע קירצסטנ וועג צום „שעדס נאָגל״ — דעם פֿעלדז, ווו ס׳האָט אלע מאָל געדארפֿט זײַנ א מענטש פֿונ ראָמאָ פֿעדראָוויס אָטריאד. אונ טאקע — ער האָט בלויז א פֿײַפֿ געטאָנ ווי א סיטש, האָט באלד זיכ אָפּגערופֿנ ערגעצ פֿונ הינטער די שטײנער נאָכ אײנ כימש... דאָס איז ניט געווענ קײנ ווידערקאָל. ער האָט נאָכ־אמאָל א געשרײ געטאָנ, שוינ ווי אנ אָדלער, אונ ווידער האָט אים געענטפֿערט אנ אָדלער, אונ ס׳האָט זיכ באוויזנ א מענטש — דער טאָטער מאוטדינאָוו.

דאָדע האָט שיר ניט אָראָפּגעגליטשט זיכ פֿונעם בארג־אָפּריס, ווענ ער איז געגאנגענ מיט מאוטדינאָוונ צו ראָמאָ פֿעדראָווי. אונ אָט איז דער אָטריאד — אינ א גרינ טאָלעכל, צווישנ הויכע פֿעלדזנ, שטײענ א פּאָר טונקעלע בײַדלעכ באשפּריצט מיט קאלכ, אז זײ זעענ אויס, ווי שטײנ...

צום יישעוו זײַנענ אוועק פֿיר מענטשנ פֿונ אָטריאד מיט ראָמאָ פֿע־דראָווי אינ דער שפּיצ. מע האָט זיכ אונטערגעגאנגעט צו פּאָטאפּ איג־נאטיטשעס הויז. דאָס שיפֿל איז נאָכ געשטאנענ באם ברעג. מאוטדינאָוו האָט זיכ ארויפֿגעדראפּעט אפֿנ צווײטנ שטאָק, אינ מעזאָנינ, דורכ דעם זעלבנ שנור, מיט וועלכנ דאָדע האָט זיכ אראָפּגעלאָזט. ער האָט דער ערשטער זיכ ארויפֿגעוואָרפֿנ אפֿ די דײַטשנ, וואָס זײַנענ געזעסנ אינ די ווײכע שטולנ באם טישל אונ געטרונקענ. יענע האָבנ אפֿילע ניט בא־וויזנ אופֿשפּרינגענ פֿונ די ערטער. צעשאָסנ האָט מענ זײ אינ דרויסנ, אינ סאָד. פֿעדראָווי האָט ניט געוואָלט פֿארומרײניקנ מיט זײער בלוט די ווענט פֿונ מעזאָנינ.

צו פּאָטאפּ איגנאטיטשעס לעווײַע איז אראָפּגעקומענ דער גאנצער אָטריאד פֿונ די בערג. נאָר אינ דער לעצטער מינוט האָט פֿעדראָווי אָנ־גענומענ אנ אנדער באשלוס — מע וועט אים בעסער מעקאבער זײַנ אינ די בערג. אהינ האָט מענ אים אוועקגעטראָגנ. א קלײנינקנ, א דארינקנ, מיט גרײַזע באקנבארדנ אפֿנ נאָכ מער דאר געוואָרענעם, אײַנגעשרומפּע־נעם פּאָנעם, האָבנ די פֿישער אפֿ זײערע ברײטע אקסל אים אוועקגע־טראָגנ איבער די הויכע שיפּועים פֿונ קארא־דאג. צופֿוסנס פֿונ די בערג זײַנענ געבליבנ די פֿרויענ אונ קינדער פֿונ יישעוו, וואָס זײַנענ געקומענ

געזעגענען זיך מיט אים. צוויי מענטשן פֿון אָטריאַד האָבן אויסגעשאָסן אינדערלופֿטן — מע האָט געדאַרפֿט שפּאָרן קוילן.

אהין, אין די בערג קאַראַ-דאַג, האָט מען אויך אויפֿגעטראָגן „דאָס ייִנגעלע מיטן פֿײַלנבויגן“ און עטלעכע אַנדערע, גאַנץ געבליבענע יאָסיפֿס אַרבעטן. די סקולפּטור האָט אַ ביסל געליטן מער, ווי פּאָטאָפּ איגנאַטיטש האָט דאָס געזען אין זײַנע לעצטע מינוטן. אַ קויל האָט געטראָפֿן אין קאָפּ, אין די קוטשערן לעבן אויער, און איין לאָקן אָפּ-געהאַקט. געווען איז אויך אַ דראָפּ פֿון אַ קויל אַף דעם לינקן פֿוס, וועלכן ער האָט אָנגעשפּאַרט אין שטיין. אָבער דאָס ייִנגעלע איז ווי פֿריִער געשטאַנען מיט אַ פֿאַרהויבענעם קאָפּ און מיט אַ שטאַרק אָנגע-צויגענער פֿײַל געצילט אין דער ווײַט.

מע האָט די סקולפּטור אוועקגעשטעלט אין ניט קיין טיפֿן, פֿאַרבאַ-האַלטענעם הייל. אַ ווײַסע, האָט זי באַשײַנט דעם האַלב טונקעלן הייל. באַם ייִנגעלע אַפֿן פּאָנעם לויכט דער דרייסטער שמייכל, ער קוקט מיט זײַן זיכערן בליק אַפֿן אָפֿענעם שטיק הימל, וווּ עס פֿליִען אום אָדלערס און ווײַסע מעוועס. און לעבן הייל, אַף די גרויע, צעטרעשטשעטע, מיט מאָך-באַדעקטע שטיינער זיצט גאַנץ אָפֿט דאָדע. ער קוקט פֿאַרקלערט אַף דער סקולפּטור, אָדער ער מאָלט, אָדער ער קריצט מיט אַן אײַזן אַפֿן שטיין. עפּעס האָט זיך אין אים אַנטפּלעקט אַ נײַער כיישעק — קריצן אַף שטיין. ער וואָלט עפּעס אויסגעהאַקט פֿון אים, האָט ער ניט מיט וואָס...

---

ווען די רויטע טיילן זײַנען אַרײַנגעטראָטן אינעם ייִשעוו, האָט זיך פֿון די בערג אַראָפּגעלאָזט דער אָטריאַד דרייסטע פֿישער און אַף זייערע אַקסל האָבן זיי אַראָפּגעטראָגן אַ ייִנגעלע, וואָס זיצט אַף אַ ווילדן שטיין און צילט מיט אַ פֿײַלנבויגן אין דער ווײַט...

# דער סאָד פונעם שפּיגעלע

И некому здесь надоумить её,
Что в руки взяла она сердце моё...
Эдуард Багрицкий.

ליפּע כאָדאָרקאָוו איז מיט אַראָפּגעהאנגענע פּיס געזעסן אפן וואָגן און געשוויגן. ס'איז צוגעפאלן די נאכט, און ער האָט אין דער גרויער טונקלקייט געקוקט אף די געבראָכענע קאָנטורן פון די טשערעפּענע דעכער, קוימענס, וואָס זײַנען ווי אָנגעהויפט פּארבליבן אפן האָריזאָנט. ווען ער זאָל ניט וויסן, אז דאָס איז א שטעטל, ווען ער זאָל ניט וויסן, אז דאָס זײַנען זיי פארבײַגעפאָרן ליובאר, וואָלט ער אָט-אָ-דאָ, זיצנדיק אזוי פונווײַטנס, געמיינט, אז דאָס האָט מען דאָרט אין אומאָרדענונג צונויפגערוקט די הײַזלעך און קעמערלעך, און אפילע ניט צונויפגערוקט, נאָר אָנגעשאָטן זיי איינס אפן צווייטן. ער האָט אָבער געוווּסט, אז ליובאר איז א שיין שטעטל, מיט א טײַך אינמיטן, מיט צוויי בריקן איבער אים, מיט א גרויסן פּארק און א פארלאָזטן פּאלאץ, מיט א לענין-דענקמאָל אפן געוועזענעם מארק-פּלאץ, מיט טראָטוארן אף די גאסן. ער איז א סאך מאָל געווען אין ליובאר, ווײַל דאָס איז זײַן ראיאָן-שטעטל און פונדאנען, פונעם ליובארער מיליטער-קאָמיסאריאט, איז ער אוועק אין דער ארמיי. מע האָט זיי ארויסבאגלייט מיט פאָנען. און איצט איז אין ליובאר פוסטלעך געווען, ווען ער איז פארבײַגעפאָרן, קיין מאנצבילען האָט ער גאָרניט געזען, בלויז פרויען; און קינדער זײַנען געשטאנען בא די גאנעקלעך און אָפענע טירן און געקוקט אף זיי, אף די פארבײַפאָרנדיקע ארמייער, און אומעטום האָט זיך געפילט, עפּעס אָן ווערטער, אזא אָנגעשטרענגטקייט און איימע. א פּאָר צעוואלגערטע הײַזער האָט ער אויך באמערקט, ליפּע. דאָס הארץ זײַנס האָט קאסדיק א זאָט געטאָן און ער האָט דאן בייז א שפּײַ געגעבן אין א זײַט און זיך אויסגעזידלט. איצט ווילט זיך אים אויך אויסזידלען, סטאם אזוי, ס'איז בא אים אומרויִק און שווער אפן הארצן. נאָר פארוואָס זאָל ער זיך זידלען? — די פערד, וואָס זײַנען געשפּאנט אינעם וואָגן, גייען גוט, יאשקע ביקון טרײַבט זיי גאנץ געוויינלעך, און דאָך שטייט מען ניט אָפּ פון דער קאָלאָנע, דער שטויב אפן וועג שטיקט

שוינ אויכ ניט אזוי, ווי בײַטאָג. מע פאָרט אפ א גוטנ שליאַכ, וועלכנ ער צוזאמענ מיט אלע קאָלווירטניקעס האָט טאקע הײַנטיקנ פרילינג געבויט. קיינ גריבער, וואָס זאָלנ טרייסלענ, זײַנענ נישטאָ, מע האָט דאָ גוט אויסגעלייגט די שטיינער. נאָכ וואָס זשע זאָל ער זיכ זידלענ? פארקערט, ס'נעמט אימ גאָר אָנ א שטאָלצ, וואָס אָט פאָרנ אלע איבער זײַנ שליאַכ, מ'פאָרט אינ דער אומגעגנט פונ זײַנ דאָרפ סיווירינ. עס איז א שיינ דאָרפ, ער וועט מיט דעמ ניט פארשעמט ווערנ.

נאָר דאָרטנ, ווײַט, קנאַלט ארטילעריע, דאָרט, ערגעצ ארומ זײַנ דאָרפ, גייט די שלאכט. עפשער פליִענ אהינ דעמ סוינעס סנאריאדנ אונ האָבנ ערעט נאָרוואָס אָנגעצונדנ יאַוודאָכע בילטשעכעס הויז? גראָד בילטשעכע איז אימ אויפ זינ. אונ עפשער ברענט די גאנצע גאס, וואָס ארומ דאָרפראַנד? דאָס איז אינגאנצנ א נײַע גאס, דעמ פאסקודנעמ דײַטש קאָנ זיכ פארוועלנ גראָד אהינ א שאָס טאָנ, אונ דאָרטנ געפינט זיכ... דאָרט וווינט נאסטיע, זײַנ אלטע מאמע ביילע אונ די שוועסטער לייע אונ דער זיידע צווראָכ, — ער האָט איבערגעלעבט דעמ טאטנ זײַנעמ, מייער דעמ בילנער, אָט דער טויבער אונ האלב-בלינדער זאָקנ. מע וווינט דאָרט אלע אינ איינ נעסט, ניט ווײַט פונעמ בריקל, אונ מע האָט צוגעניורעט צו זיכ אויכ נאסטיענ, די קײַלעכדיקע יעסוימע, וואָס יעדערער אינ דאָרפ ווייסט שוינ, אז דאָס איז זײַנ, ליפּעס, קאלע. כאָטש פארשריבנ האָט מענ זיכ נאָכ ניט, פארוואָס ווייסט ער אליינ ניט — מע האָט זיכ געשעמט... ער טראכט איצט וועגנ נאסטיענ, דער הויכער אונ שלאנקער, מיט די צוויי רוסיאווע צעפ, מיט די שעמעוודיקע כיינ-גריבעלעכ אפ די באקנ, וואָס קומענ פונ איר שטילנ שמייכל אפנ וויכנ, ראָזנ פּאָנעמ. ווי זי גיט א הייב אופ אירע בלויע אויגנ אונ טוט א קוק אפ אימ, ווערט ער פארצאפלט, ער קראכירט. נאסטיע... ווי איז זי דאָרט? ווו האָבנ זיי זיכ פארבאהאלטנ? עפשער זיצט מענ אינ שטוב, אונ עפשער אינ קעלער? דער קאָמבאט האָט אפילע געזאָגט, אז דער פראָנט איז ניט בא סיווירינ, ערגעצ ווײַטער גייט ער, ארומ כיזשניק. ער האָט דאָס אימ אלצ באוויזנ אפ דער קארטע, דער קאָמבאט, אונ ליפע האָט געשוויגנ, ער האָט עפעס ניט געוווּסט, צי זאָגנ אימ, צי ניט, אז ער איז א סיווירינער. כיזשניק איז טאקע א ביסל ווײַטלעכ, א ווערסט פינפ אונ צוואנציק, איז עפשער טאקע אינ סיווירינ שטיל?

אונ וווהינ פאָרנ זיי? סיווירינ וועט מענ אדורכפאָרנ? דער קאָמבאט האָט געזאָגט, אז מעגלעכ יאָ. די קאָלאָנע פירט דער קאָמאנדיר פונ פאָלק, גאָוואָראָוו, אונ יענער ווייסט פינקטלעכ. נאָר וויאַזוי זשע דערווייסט מענ זיכ דאָס?



2017—3

ליפּע וואָלט אזוי וועלנ פארבײַפאָרנ סיווירינ. נאָר עפּעס האלט אימ אויכ אָפּ פונ דעמ, ער זאָל דאָס וועלנ. ווענ מע פאָרט שוינ צוריק, נאָכ דער שלאכט, איז עפּעס אנדערש. אונ אזוי וועט ער זיי נאָר צעבאלעמוטשענ, די זײַניקע. ער וואָלט זיכ אפילע ניט וועלנ ווײַזנ פאר זיי. ער וואָלט זיי וועלנ זענ כאָטש דורכ א שפּארונקעלע, נאָר זיי אימ זאָלנ ניט זענ. אָט ווענ ער קאָנ דאָס אויספירנ. נו, אויב מע וועט דורכפאָרנ, קאָנ ער זיכ אָפּבעטנ אפּ עטלעכע מינוט. ווענ ס'איז ווײַט פונעמ פראָנט, וואָלט מענ אימ אווּאדע אָפּגעלאָזט אפּ א פּאָר שאָ, נאָר אז מע פאָרט גלײַכ אינ שלאכט, איז גאָר עפּעס אפילע ניט באקוועמ צו דערציילנ, אז ער איז א היגער.

פאָרט ער אראָפּגעהאנגענ די פיס פונ די דראבינעס, ליפּע כאָדאָרקאָוו, אונ שווײַגט. לעבנ אימ ליגט דער מינענוואָרפער, א קאלטער, א שטאָלענער, אונ עפּעס איז אימ איצט גוט זיכ צוצוטוליענ מיט דער האנט צו זײַנ אײַז-קאלטער רער. נו, נו, ער וועט שוינ דעמ דײַטש ארײַנטיילנ פונ דעמ דאָזיקנ מינענוואָרפער. זײַנ גאנצ אָנגעזאָליעט הארצ וועט ער דאָרט אויסלאָדנ...

אונ דאָכ איז אימ שווער צו טראכטנ וועגנ דעמ, אז ער פאָרט אינ זײַנע מעקוימעס מילכאָמע האלטנ, אפּ די פעלדער, ווו ער האָט די קו זיירע געפּאשעט, אינ די וועלדלעכ, ווו ער האָט זשאָלודעס געקליבנ אונ פייגעלעכ געכאפּט אונ מיט נאסטיענ אינ באהעלטעניש געשפּילט צווישנ די הויכע, שווײַגנדיקע דעמבנ... ער האָט גאָר דאנ וועגנ קיינ מילכאָמע ניט געטראכט, אזוי זיס איז געווענ יענע צײַט, אזוי בלוי דער הימל, נאָר ווי אינ כאָלעמ... ער זיצט פארטיפט אינ יענע כאלוימעס, א כמורנער, אנ אײַנגעהויקערטער. דער וואָגנ טרייסלט אימ, נאָר ער פילט דאָס ניט. לעבנ אימ זיצנ אָמעלקאָ פּאסעטשניק אונ מאקסימ נעזשורקאָ — זיי שווײַגנ אויכ. מע זינגט ניט, ווי אלע מאָל; זיי ווייסנ, זײַנע צוויי כאווײרימ, אז מע פאָרט ניט ווײַט פונ ליפּעס דאָרפּ, שווײַגנ זיי, מע טשעפּעט אימ ניט.

ס'ווערט נאכט, טיפע נאכט, אונ אָמעלקאָ פרעגט פונדעסטוועגנ:

— אונ א יאר איז בא אײַכ דאָ אינ דאָרפּ?.. בא אונדז איז דאָ א טיפער יאר...

— יאָ, ס'איז דאָ...— ענטפערט ליפּע אינ זײַנ פארטראָגנקײַט. ער טוט זיכ דערבײַ א כאפּ, ווי ער וואָלט וועלנ זײַנע כאווײרימ אויסדערציילנ, וואָס פאר א טײַער דאָרפּ סיווירינ איז, ווי גוט ס'איז אימ דאָרט געווענ אונ ווי ליב ער האָט נאסטיענ. נאָר סע גלוסט זיכ אימ באלד איבער. בעסער שווײַגנ. בעסער טראכטנ וועגנ נאסטיענ...

אינ דער טיפער צוגעפאלענער נאכט, ווענ קיינ שטערנ זײַנענ נאָכ

ניטאָ, סקריפּעט דער וואָגן אינעם זאמד באַם זײַט שליאַך עפּעס אזוי באַזונדערס פאַרטראַכט. עס ציִען זיך קעסיידער יאָדלע-וועלדלעך, איינ־צלנע סאָסנעס מיט צעשפּרייטע צווײַגן שטייען צעוואָרפּן אַף א בערגל, און אַלץ זעט דאָ אויס עפּעס אזוי אייגן, אזוי אייגן, און דאָס האַרץ איז גרייט און וואַרט, אז עמעץ זאָל אָט דאָ באַלד אויסוואַקסן פון אונטער די דאָזי־קע סאָסנעס און נעמען פּאָכען מיט די הענט, רופן — זאָל דאָס זײַן די מאַמע מיט א צעווייטער שאַל, צי נאַסטיע אינעם ווײַסן קאָפּטל, צי גאָר דער אַלטער לעסניטשע, וואָס ליפּע האָט אים אמאָל באַגעגנט אין מיל...

מיטאמאָל באַמערקט ליפּע, ווי דער וועג טוט זיך א צעצווײַג באַ א בערגל מיט א ציילעם, און די קאָלאָנע פּורלעך פאַרקערעוועט גראָד אין דער זײַט, ווו סע ליגט סיוויריג... אַף א רעגע ווערט דאָס האַרץ זײַנס פאַרשטאָרבן. נו, איצט וועט מען שוין אומבאַדינגט אדורכפאָרן סיוויריג, פונדאַנען קערעוועט מען דער וועג אינערגעץ ניט אָפּ. אָט אהער, ביז דעם דאָזיקן וועג-ציילעם, פלעגט ער א קליינינקער זיך אײַנ־שטעלן אוועקגיין מיט זײַנע כאַווערימלעך פונעם דאָרף. באַ דעם דאָזיקן וועג-ציילעם פלעגן שטענדיק זיצן בעטלער, אמאָל — א בלינדע באָבעצע מיט א שטעקן, אמאָל עפּעס א האַלב-מעשוגענער. דאָ, האָט ליפּע אין דער קינדהײַט געמיינט, פאַרענדיקט זיך שוין די וועלט. וואָס ס'איז ווײַטער פון דעם דאָזיקן וועג-ציילעם, האָט ער ניט געוווּסט. און איצט פאָרט ער דורך דאָס דאָזיקע אָרט, אָט דעם טויער פון עק וועלט, אין דער מילכאָמע אַרײַן, וואָס איז פאַר אים ווי א יאַם פון פײַער. און דאָס דאָזיקע פלאַקערנדיקע פײַער טרעט צו צו זײַן אייגן דאָרף, סיוויריג...

ווען מע איז שוין געפאָרן איבער די גאַסן פון דעם באַנאַכטיק שטילן דערפל, מיט די אויסגעשלאָגענע פענצטער, צוגעמאַכטע טירן און די ליימיק-ווײַסע ווענט, איז ליפּע אראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן, מיט שווערע טריט צוגעגאַנגען צום קאָמאַנדיר און געזאָגט:

— דאָ פאָרן מיר דורך מײַן דאָרף, כאַווער לייטענאַנט, סיוויריג... דערלויבט מיר צולויפן אָט אהין, צו אָט יענץ שטיבל... איך וועל נאָר אין פענצטער א קלאַפּ טאָן און זאָגן, אז איך פאָר פאַרבײַ... א פּאָר מינוט...

— ס'איז דײַן דאָרף? — האָט דער קאָמאַנדיר זיך א כאַפּ געטאָן. — וואָס זשע האָסטו פריִער געשוויגן? — ער איז צוליב עפּעס אליין אראָפּ־געשפּרונגען פונעם וואָגן, געמאַכט א פּאָר טריט מיט ליפּען באַנאַנד און געזאָגט:

— א שאָד, מיר פאָרן דורך, אניט וואָלסטו דאָ געקאָנט שטיין א ביסל... נו, מיילע, גיי, נאָר הײַע זיך ניט...

ליפּע איז אוועק. אָט איז דער פּלויט פֿונ לאָזע, אונ אָט איז דער טויער. ער איז צוגעמאכט, דער זיידע אווראָמ האָט ליב אָרדענונג. ליפּע טוט ניט ווילנדיק א שמייכל, — דער זיידע וועט זיכ ניט לייגנ שלאָפֿנ, ביז ער וועט אליינ ניט א קוק טאָנ, צי דער טויער איז גוט פֿארמאכט. ער גיט זיכ אימ א שטעל פֿאָר אינ איינ אויגנבליק, דעמ זיידנ, ווי ער גייט אינ זײַנע שטריענע שטעקשיכ, אינ זײַנ לײַוונטנ העמד אריבער די גאנקעס א קוק טאָנ, צי דער טויער איז פֿארמאכט. נאָר באלד איז שוינ ליפּעס מויעכ פֿארנומענ מיט עפּעס אנדערש. זײַנ הארצ קלאפּט שטארק, סע שפּרינגט שיר ניט ארויס פֿונ דער ברוסט. ער איז איבערגעקראָכנ דעמ טויער אונ שטייט אינ הויף. אָט זאָל ער מאכנ דרײַ שפּאנ — אונ ער איז בא דער שוועל, בא דער טיר. ער דארפֿ נאָר איינ קלאפּ טאָנ, וועט מענ אימ עפֿענענ. אונ ווײ, וואָס סע וועט זיכ דאָרט טאָנ! ער מאכט צו די אויגנ, ער וויל זיכ דאָס פֿאָרשטעלנ פֿריילעכ, ער פּרוּווט זיכ א שמייכל טאָנ, נאָר ער קאָנ דאָס ניט. סע שטעלט זיכ אימ פֿאָר די בעהאָלע, וואָס סע וועט ווערנ אינ שטוב. די מאמע וועט אָנהייבנ שרײַענ, די שוועסטער לייע וועט זיכ צעוויינענ, דער זיידע וועט אויסשטרעקנ די הענט אונ פֿרעגנ: „וואָס איז, וואָס איז?" — אינ דער פֿינצטער זעט ער גאָר גאָרנישט אונ דערהערט ניט. אונ נאכטיע — יענע וועט בלײַבנ שטיינ בא דער זײַט אונ נאָר קוקנ אפֿ אימ א בלאסע, א דערשטוינטע. ווײ, וויפֿל ער וואָלט אָפּגעגעבנ, אבי זי דערזענ אזא.

נאָר ער וועט איצט ניט אָנקלאפּנ. ער קאָנ ניט. ער קאָנ דאָ זײַנ א מינוט צוויי — צי לוינט דאָס אלצ? אָט שלאָפֿט מענ דאָ — רויִק, צי ניט רויִק, נאָר מע שלאָפֿט ווי-ניט-איז. ענגשער זעט עמעצער פֿונ זיי אימ אינ כאָלעמ. וועט ער זיי מיטאמאָל צעוועקנ, ארײַנפֿאלנ ווי א דונער, אונ באלד צוריק אוועק. ניינ, מע דארפֿ ניט. אָט איז מורזיק, — אונ ער מוט אזש א ציטער, ליפּע, ווי די פֿיס זאָלנ זיכ אימ אונטערהאקנ, — מורזיק איז צו אימ ארויסגעלאָפֿנ, זײַנ הונט, וואָס ער האָט אויסגעכאָוועט, געבאָדנ אימ אינ טײַכ, געלערנט אימ טראָגנ דאָס היטל אינ די ציינ. מורזיק האָט זיכ אפֿ אימ ארופֿגעוואָרפֿנ אונ לעקט אימ די הענט, פּיעטשעט, ער וויל נאָר דערלאנגענ מיט דער מאָרדע צו זײַנ פּאָנעמ.

— שא, מורזיק, שא, — שעפּטשעט ליפּע, קוימ אײַנהאלטנדיק אינ זיכ דעמ ציטער, וואָס האָט אימ יארומגעכאפּט, — שא, מוראָנקא... — ער גלעט אימ מיט דער האנט דעמ קאָפּ, די ווייכע אראָפּהענגענדיקע אויערנ, דעמ רוקנ.

ער שטייט איצט עפּעס בא זיכ אינ הויף, ווי א גאנעוו. ער זאָל זיכ כאָטש ניט צעבילנ אינ דער הייכ, מורזיק. אונ די מינוטנ גייענ.

אָט איז שוינ דורכגעפאָרנ דאָס לעצטע פורל פונ דער קאָלאָנע. מע דארפ איילנ, נאָר וויאַזוי זשע גיט מענ זיי יאָ כאַפּטש צו וויסנ, די שטוביקע, די הארציקע זיינע, אז ער איז דאָ געוועגנ? זיי אָנשרייבנ א צעטעלע? נאָר ווו? ער האָט קיינ בלייער ניט און קיינ פאפיר ניט. און וואָס שרייבט מענ?

— מורזיק, ווענ דו זאָלסט קאָנענ ריידנ!

ער קוקט אינ דער פינצטער א רעגע דעמ הונט אינ די אויגנ. אזעלכע קיילעכדיקע גוטע אויגנ און זיי גלאנצנ, ווי פיירלעכ. ער שווייגט, מורזיק.

און פלוצעמ טוט זיכ ליפע א כאפ. ער נעמט מיט פיבערנדיקע פינגער פאנאנדערשפיליענ די קעשענע פונ גימנאסטיאָרקע. דאָרט ליגט בא אימ א שפיגעלע. נאסטיע האָט עס אימ צוגעשיקט אינ דער פאָסילקע, וואָס ער האָט דאָ ניט לאנג באקומענ. א פראָסט לענגלעכ שפיגעלע, מיט א צעראטנ דעקעלע. אָט דאָס שפיגעלע וועט ער אוועקלייגנ בא דער שוועל. זאָלנ זיי אופשטיינ און עס דערזענ אינדערפרי בא דער טיר. וועט מענ עפשער פארשטיינ.

דאָס שפיגעלע ליגט שוינ בא דער טיר. ליפע גייט גיכ פונ דעמ אוועק. מורזיק טוט עפעס א באשמעק און לאָזט זיכ באלד לויפנ נאָכ ליפענ. ליפע איז אריבער דעמ טויער, מורזיק — נאָכ אימ. ליפע לויפט נאָכ דער קאָלאָנע, דער הונט — לעבנ אימ. ליפע טרייבט אימ ניט, ער האָט קיינ צייט ניט, ער וועט אלציינס אָפשטיינ. דער הונט שטעלט זיכ אָפ א פאָר מאָל, טוט אינ פארלוירנקייט א ביל, ווי ער זאָל פרעגנ: „ליפע, וווהינ איזו?" — נאָר יענער איילט ווייטער, איילט דער הונט אויכ, און איצט מעג ער שוינ בילנ, מורזיק. מע איז שוינ הינטערנ דאָרפ. ליפע זיצט שוינ אפנ וואָגנ, ארופגעהאנגענ די פיס, פונקט אזוי ווי פריער, און שווייגט. ער ווישט פונ זיכ דעמ שווייס, וואָס רינט פונ אימ ריטשקעסווייז. מורזיק לויפט נאָכ דעמ וואָגנ, דערנאָכ טוט ער פלוצעמ אינ פארצווייפלונג זיכ א שטעל אָפ, קוקט אפ דער זיכ דערווייטערנדיקער פור, צעוויעט זיכ און פארשווינדט אינ דער נאכט...

אָמעלקאָ פאסעטשניק און מאקסימ נעזשורקאָ שלאָפנ אפנ וואָגנ. יאשקע ביקונ, דער אָנטרייבער, דרעמלט אויכ זיצנדיק. די פערד ציענ זיכ אליינ נאָכ די פאָדערשטע וועגענער, און יאשקע האָט דאָ ניט וואָס צו טאָנ. ער טוט הלויז פונ מאָל צו מאָל, ווי פונ יויצע-וועגנ, א פאָכ מיט דער בייטש אינדערלופטנ און א טשמאָקע מיט די ליפנ „נאָ־אָ".

ער טוט אויכ שלעפעריקלעכ און הייזעריק א פרעג ליפענ, האלב אויס־קערעוועדיק צו אימ זיינ אָנגעבלאָזנ געזיכט:

— נו, ביסט געוועגנ?

— געוועזנ... — ענטפערט ליפע ניט גערנ.

— וואָלט מיר, אזוינס זיך געטראָפנ... — זאָגט ביקונ. ער קערעוועט זיך אויס צוריק צו די פערד, ציט אַרײַנ דעמ קאָפ אינ די אקסל, מאָסטעט זיך אײַנ אפ ווײַטער דרעמלענ, אונ ליפע ווייסט ניט, צי שלאָפט ער אזוי, צי ער טראכט וועגנ זײַנער א היימ, א ווײַטער, ערגעצ אינ א פארוואָרפנ דאָרף, עפשער א נאָך מערער פארוואָרפנס ווי סיווירינ...

דער וואָגנ דרעמלט, טראָגט זיך אינ דער נאכט ווי א שיפל אפ וועלנ, די פערד, כאָטש זיי כאפנ אמאָל א לאָף, דרעמלענ אויך, די ערד אליינ, דאכט זיך, דרעמלט. ווײַט, ווײַט אפנ האָריזאָנט זעענ זיך קעסיידער בלאסע אופליכטנ פונ הארמאטנ-שאָסנ, אזוי ווי שטילע בליצנ. דאָס דונערנ הערט זיך קוימ, — מע דארפ נאָך א סאך פאָרנ. אונ דער פרימאָרגנ וועט קומענ אומגעבעטנ אונ ער וועט אומבאדינגט קומענ. אינדערפרי וועט מענ אַרײַנטרעטנ אינ שלאכט, דארפ מענ כאָטש אזוי-אָ, באמ פאָרנ, כאפנ א דרעמל...

נאָר ליפענ נעמט קיינ שלאָפ ניט; ער האלט נאָר אינ א מינ כאָלעמענ, אויסגעמישט מיטנ סקריפענ פונ די רעדער, מיטנ הוקענ פונ די אָנטרײַבער, מיטנ גאנצנ אומרו פונעמ ערעוו שלאכט-מארש. פלוצעמ גיט זיך א טראָג-דורך אפנ הימל א פאלנדיקער שטערנ, עס בלײַבט דאָרט אזש א רעגע אינ דער פינצטער א לויכטנדיקער פאס, אונ עפעס דערפילסטו דעמ רוימ ארומ, די גאנצע וועלט, ווי גרויס זי איז, אונ עס בלײַבט אנ אומקלאָרע בענקעניש אינ הארצנ... אזוי שווימט די נאכט, ביז די קאָמארעס ווערנ מיד צו זשומענ, די זשאבעס אינ די קאליושעס באמ וועג ווערנ מיד צו קוואָקענ, עס ווערט קילבלעך, די שטערנ רוקנ זיך איבער אפ דער צווייטער זײַט הימל אונ ווערנ בלאסער, דער הימל הייבט אָנ גרויענ אונ העלנ, עס שיילנ זיך אויס וועלדלעך, פעלדער, דער ווײַטער פאס פונ האָריזאָנט, אונ צוזאמענ מיט דעמ — צעבראָכענע טראקטאָרס בא די וועגנ, פארברענטע איבערגעקערטע אווטאָס, סנאַריאַדנ-גריבער... מע פאָרט צו נאָענט צומ פראָנט.

קאיאָר האָט די מינענוואַרפער-באטאַריי פארנומענ א פאָזיציע אפ דער פײַער-ליניע. דאָס איז געוועזנ אינ א יונג יאָדלע-וועלדל, ווו אינעמ זאמדיקנ באָדנ האָבנ זיך געוואַלגערט קליינע טרוקענע שישקעלעך אונ צווישנ די פוכקע יאָדלע-צווײַגנ האָבנ זיך געצויגנ דינע פעדעמ פונ שפינוועבס. געוועזנ זײַנענ דאָ אויך נעסטנ פונ פייגעלעך, אָבער ליידיקע — די פייגעלעך זײַנענ אוועק. אינ איינ אָרט האָט ליפע אפילע באמערקט אייעלעך, אנ אנדערש מאָל וואָלט ער זיך מיט זיי באשעפטיקט, איצט איז אימ אָבער ניט דאָס געלעגנ אינ קאָפ.

און דאָך האָט ער איצט דאָ, מער ווי אומעטום, געדענקט וועגן נאסטיען, זײַן נאסטיען, מיט וועלכער ער פלעגט אָט אין אזא וועלדל גיין קלײַבן שוואָמען; אָט זעט ער איצט אויך א שוואָם, נאָר ער האָט אים ניט צוליב וואָס צו נעמען. און נאָך דערמאָנט זיך אים איצט זײַן ארבעט אין מיל, ווי ער פלעגט זײַן פארפאָראָשעט מיט מעל. קאיאָר פלעגט ער קומען אהין, איבערבײַסן, זיצנדיק אין דרויסן אפ א מיל-שטיין, און ערשט דערנאָך פלעגט נאסטיע צו אים קומען, ווען ער איז שוין געווען אונטן, צווישן די זעק מיט מעל, אינגאנצן א ווײַסער. און איצט איז ער אזוי ניט ווײַט פון דאָרט, אזוי ניט ווײַט פון נאסטיען, און דאָך — ווי ווײַט!

מע שטעלט אײַן די מינענווארפער-באטארײ. מאקסים נעזשורקאָ און אָמעלקא פאסעטשניק שטעלן אײַן אין די קוסטעס זייער מינענווארפער אויך. און ליפע כאפט זיך, אז ער איז עפעס צופיל פארקלערט. דאָ דארף מען ווייניקער קלערן. דאָ איז שוין אלץ קלאָר, דאָ דארף מען טאָן. דער סוינע איז שוין גאָר ניט אזוי ווײַט, און אויב ער שווײַגט נאָך איצט, קאָן ער אופהערן שווײַגן אין א מינוט ארום. מע דארף פאר אים גרייטן פײַער.

ליפע נעמט גיך טראָגן פונעם וואָגן קעסטלעך מינעס. ער צעעפנט זיי פאָרזיכטיק. עטלעכע לייגט ער אוועק גלײַך לעבן מינענווארפער אפן גראָז. — „די וועלן פליִען די ערשטע״, — טראכט ער מיט פארטײַעטער צופרידנקײַט. ער קוקט אפ זיי: שווארצע, מיט פליגעלעך פונונטן. זיי וועלן עס א שאָט טאָן פריסעק, אײַ, וועלן זיי שיטן!

די זון גייט שוין אופ איבערן יונגן יאָדלע-וועלדל און איבער די ווײַסע שלאנקע סאָסנעס, וואָס זעען פונדאנען אויס ווי גאָלדענע, ווי אָנגעמאָלטע, ווען די מינען-באטארײ באקומט א באפעל:

— פײַער!

און אין דער שײַן פון דער אופגייענדיקער זון, א גרויסע, א גינגאָלדענע, גיבן זיך א טראָג, ווי שווארצע האסטיקע פויגלען, מיט א פארשטיקטן וואָי די מינעס. מאקסים צילט אָן דעם מינענווארפער, אָמעלקאָ שטייט אפ אײן קני און מיט ריטמישע באוועגונגען פון דער האנט ווארפט ער אין דולע איינע נאָך דער צווייטער מינעס, וועלכע פליִען מאָמענטאל טאקע ארויס, און ליפע שטייט בא דער זײַט און דערלאנגט אים נײַע מינעס... פראָסט אזוי און שטיל קומט אלץ פאָר. אָט באלד, דוכט זיך, קאָן זיך דאָ א פייגעלע צעזינגען, באלד קאָן א באבעצי אָנקומען פון וואלד מיט א בינטל צווײַגלעך אפ דער פלייצע. נאָר דאָס אלץ זײַנען בלויז טראכטענישן. אין הימל קאָן איצט זיך נאָר באווײַזן אן עראָפּלאן, פון וואלד קאָן איצט נאָר ארויספליִען דעם

סוינעס א סנאריאד... אונ דאָס אלצ איז מילכאָמע, אונ די ערד ליגט א גלייכגילטיקע, א פארשטיקטע, א שטומע, כאָטש עס קומט איר אויכ געגנוג אָנ, דער ערד...

די שלאכט צעפלאקערט זיכ. ארומ רייסנ זיכ דעמ סוינעס סנאריאדנ, עס פליענ אינ דער הייכ שווארצע זיילנ ערד מיט ארויסגעריסענע יאָדלע-ביימלעכ. עס בלייבנ טונקעלע אויסגעפליקטע גריבער. די מינעװארפער װאנדערנ איבער אפ אנ אנדער אָרט, אינ א געריכטנ דעמבנװאלד, אפ א בערגל. פונדאנענ עפנט זיכ א פאנאָראמ אפ א ברייט קאָרנ-פעלד, אונ דאָרטנ זעענ זיכ, ווי שווארצע זשוקלעכ, די דייטשנ. זיי דוקנ זיכ אינ קייטעלעכ, ווי א מינ היישעריק, איבערנ צעכוואליעטנ רייפנ קאָרנ, אונ אָט אהינ שיקט עס אָמעלקאָ פאסעטשניק זיינע מינעס. ס'איז הייס, זייער הייס. ריקעס שוויס באגיסנ דאָס לייב. עפעס איז שווער צו טראכטנ. דאָס אויג זעט בלויז פאר זיכ די טונקעלע קייטעלעכ דייטשנ, זעט, ווי זיילנ פייער אינ רויכ הייבנ זיכ קעסיידער אופ צווישנ זיי, פאָרויס אונ הינטנ, ווי די ערד זאָל דאָרט זידנ. די דייטשנ לייגנ זיכ אויס אינ קאָרנ אונ פויזענ. אונ פונ עפעס א כוטאָרל בא דער זייט, וואָס אינ גאָלדענעמ קאָרנ, זעענ זיכ בלויז אָנ עטלעכע רויטע טשערעפענע דעכער, ש'סט מענ אהער אויכ מיט מינעס, זיי טראָגנ זיכ מיט א וואָי איבערנ קאָפ אונ צעפייסנ זיכ ערגעצ אינ דעמבנװאלד...

ס'איז שרעקלעכ. נאָר ליפע האָט קיינ צייט ניט צו טראכטנ וועגנ דעמ. אונ עפשער טראכט ער וועגנ דעמ די גאנצע צייט אונ האָט קיינ צייט ניט א טראכט צו טאָנ וועגנ אנ אנדער זאכ — וועגנ שפיגעלע, וואָס ער האָט אוועקגעלייגט אפנ שוועל... איצט איז פונקט איגדערפרי, אָט איצט איז עפשער נאסטיע ארויסגעגאנגענ אינ דרויסנ אונ האָט עס דערזענ, אונ עפשער האָט עס דערזענ די מאמע אונ באוויזנ עס נאסטיענ: „זע, עפעס ווי דיינ שפיגעלע, האָט עס ניט פארלוירנ?.. שא, האָסט דאָכ דאָס, דוכט זיכ, אוועקגעשיקט ליפענ?..” נאָר מעגלעכ אויכ, אז מע האָט עס נאָכ ניט באמערקט, דאָס שפיגעלע, עפעס האָט ער עס, דוכט זיכ, אוועקגעלייגט צופיל אינ א זייט, ס'קאָנ נאָכ אזוי ליגנ אונ מע זאָל עס ניט דערזענ. אונ ער ווייסט אליינ ניט, וואָס ער זאָל ווילנ, מע זאָל עס דערזענ, צי ניינ. ער האָט איצט קלאל קיינ צייט ניט צו טראכטנ וועגנ דעמ. אלצ זעט אימ אויס אזוי קליינ אונ ווייט. אונ דאָ פייפט אונ הילכט אלצ ארומ, עס קרעכצנ די ביימער אינ וואלד, עס שורשענ די גראָזנ פונ שפליטערס, וואָס טרעפנ אינ זיי, עס פאלנ צווייגלעכ פונ די קוסטעס, ווי אונטערגעשניטענע, אונ ליפענ ווארגט עפעס אינ האלדז, עס באגיסט אימ א שוויס. אלצ איז דאָ אזוי שיינ,

קווייטעלעכ, גראָזן, — פאַרוואָס זשע זאָל ער איצט דאַרפן טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש?..

ער דערלאַנגט די מינעס אַמעלקאַן, יענער שיט און שיט זיי אין מינענוואַרפער, ווי אין אַן אָפּענעם אַרבל. א גוטער באָכער, אַמעלקאַ, א פעסטער אזא, מיט עפּעס א קירפּאַט נעזל. ער האָט ליב שפּאַסן אַלע מאָל, נאָר איצט שווייגט ער. מאַקסים שווייגט אויך. מאַקסים נעזשורקאָ איז גאָר עפּעס בלאַס און צילט אָן דעם מינענוואַרפער בלויז מיט איין האַנט. ליפּע טוט זיך א קוק צו — די צווייטע האַנט זיינע, די לינקע, הענגט, ווי א טויטע, בלוט רינט איבער די פינגער.

— מאַקסים! — טוט ליפּע זיך א כאַפּ, נאָר אין דער רעגע טוט גאָר נאָענט זיך א צעריים א סנאַריאַד און מאַקסים גיט זיך א שטאַרקן נייג אין א זייט, ער. בלייבט ליגן.

ליפּע טראָגט אים אָפּ אין א זייט, אין די קוסטעס, מאַקסים נע-זשורקאָן. ער טראָגט אים צו מיט ציטערנדיקע הענט די פליאַגע צו די ציינ. ער וויל ניט, אַז מאַקסים זאָל שווייגן, זאָל ער אים כאָטש איין וואָרט זאָגן, זאָל ער כאָטש איין שלונג טאָן. און מאַקסים שלינגט. מערער וואַסער גיסט זיך איבער די ליפּן, נאָר ער שלינגט. א סאַניטאַר פּויזעט צו. — ליפּע גיט אים איבער מאַקסימען און איילט גיכער צו אַמעלקאַן.

אַמעלקאַ איז איינער אַליין. ס'זיינען ניטאָ שוין די צוויי מינענ-וואַרפער, וועלכע זיינען געשטאַנען א ביסל ווייטער אַפּן בערגל. און בא אַמעלקאַן איז דער קאָפּ פאַרבונדן מיט מאַרליע. פאַר עטלעכע מינוט איז דאָס אַלץ פּאַרגעקומען. בא אַמעלקאַן אָפּ די ליפּן איז בלוט, אָפּ דער נאָז בא אים און פון הינטער דער ברעם ציט זיך אויך א ריטש-קעלע בלוט. זעט אויס, דאָרט איז די וווּנד. ער זאָגט שטיל:

— נו, וויאַזוי איז מאַקסים?

— נישקאָשע, — ענטפערט ליפּע און נעמט ניט אַראָפּ די אויגן פון אַמעלקאַן, — איך האָב אים אָפּגעגעבן א סאַניטאַר... און דו וואָס?

— ס'א דראַפּ .. — ענטפערט אַמעלקאַ, נעמט א מינע און טוט זי געשיקט א לאָז אַראָפּ אין רער. זי פליט אַרויס מיט א הייסן שורשע. ליפּע דערלאַנגט אים נאָך איינע.

— ניינ, דו שטעל זיך שוין אָפּ מאַקסימס אָרט... — זאָגט אַמעלקאַ.

יאָ, ליפּע האָט זיך גאָר ניט געכאַפּט. ער דאַרף דאָך שוין זיין דער אָנצילער.

— מיר דאַרפן באַשיסן יענעם קראַוש, — באַווייזט אַמעלקאַ אָפּ א גאַנצע היפּש לענגלעכ בערגל, א וועלדסט אָנדערהאַלבן פּאָרויס, ווו עס זעט זיך א שטויביקער וועג אין רייפן קאָרן. — די גאַנצע באַטאַריי איז

אריבערגעגאנגען אַט אהין, רעכטס, די דײַטשן שפּאַרן שטאַרק פֿון דאָרט, און מיר דאַרפֿן דאָ זיך האַלטן, טאָמער וועלן זיי זיך פּרוּוון אַ רוק טאָן אויך דורכדאַנען... גאַוואַראַוו אַליין איז דאָ געווען און זיך געהייסן האַלטן פֿעסט, דאָס האָט ער מיר דעם קאָפּ איבערגעבונדן...

שיסט מען. ליפּע קערעוועט אַלעמאָל אויס אַ ביסעלע די דולע פֿון מינענוואַרפֿער, און אַמעלקאַ וואַרפֿט אהין אַרײַן אַ מינע. שטיל. מע רעדט ניט צווישן זיך. וואָס איז דאָ צו ריידן? מע הערט זיך אײַן אינעם רויש פֿון שלאַכט פֿון יענער זײַט וואַלד. דאָ פֿויזעט אַ זשוקל אויף דער ערד, מורעשקעס שלעפּן אַ שטרויעלע... די מורעשקעס פֿויזען איבער די מינעס, וואָס ליגן אין קעסטל... איצט וואָלט, אייגנטלעך, גוט געווען אַ טראַכט צו טאָן וועגן נאַסטיען, נאָר עס טראַכט זיך גאָר וועגן איר פֿאָטער, אַרכיפּן, וואָס האָט געאַרבעט מיט ליפּעס טאַטן, מיט מײַערן, אין מיל... עס דערמאָנט זיך אים, ליפּען, ווי אַרכיפּ האָט אים און נאַסטיען איינמאָל אַריבערגעטראָגן איבער אַ בלאָטע, ווען זיי זײַנען געגאַנגען אין שול. אָט אַזוי-אָ פּראָסט אַריבערגעטראָגן. איז עפּשער האָט ער דעמאָלט דאָס ערשטע מאָל אַ טראַכט געטאָן אַנדערש וועגן נאַסטיען?.. אַרכיפּס גוטסקײַט האָט אים נאַסטיען נעענטער געמאַכט. די טאַטעס האָבן זיך שטענדיק געכאַווערט, אַרכיפּ און מײַער, און דערפֿון איז אויך געקומען די פֿרײַנטשאַפֿט פֿון די קינדער... זיי, די טאַטעס, זײַנען אַוועקגעשטאָרבן בײדע אין איין יאָר, איז נאַסטיע, וואָס איז אַזוי אויך געווען אַ יעסוימע, אָן אַ מאַמע, אַריבערגעפֿאָרן צו זיי. ער האָט שטענדיק געטראַכט, ליפּע, אַז ער וועט אַרבעטן אין מיל, און נאַסטיע וועט זײַן זײַן ווײַב. און עפּשער גאָר ניט אין מיל, עפּשער וואָלטן זיי גאָר ערגעץ אַוועקגעפֿאָרן, — נאָר דאָס אַלץ וועט שוין זײַן שפּעטער, נאָך דער מילכאָמע. איצט האָט ער געהאַט פֿון נאַסטיען אַ מאַטאָנע, אַ שפּיגעלע, וואָס ווען ער פֿלעגט קוקן אין דעם, פֿלעגט ער גאָר דאָרט זען ניט זיך, נאָר זי, האָט ער עס געלאָזט אין שוועל פֿון זײַן שטוב, און סע טוט אים באַנק... נאָר נאָך וואָס טראַכט ער דאָס אַלץ, מע דאַרף אָנצילן דעם מינענוואַרפֿער. ס'הייסט, די הענט טוען עס אַליין, און דער קאָפּ טראַכט. ער טראַכט אומיסטן, ליפּע, ער טרייסט זיך מיט די דאָזיקע געדאַנקען, ווײַל אַליין ווייסט ער גאָר ניט, צי ער וועט אַרויס פֿונעם דאָזיקן פֿײַער. נאָר ס'איז אים איצט אַלצייגס, עפּעס נעמט אים מיטאַמאָל אָן אַזאַ גלײַכגילט צו דעם, וואָס עס קאָן געשען מיט אים. ס'איז פֿאַראַן גרעסערס פֿון דעם, אומגעהייער גרעסערס, און יענץ איז וויכטיק...

אַמעלקאַ, וואָס האָט געהאַט אויפֿגעהויבן אין די הענט אַ מינע אויף אַרײַנוואַרפֿן זי אין רער, האָט זי פֿאַרהאַלטן אינדערלופֿטן און מיט אַ

האַסטיקער באַוועגונג פֿון דעם קאָפּ אַ ווײַז געטאָן רעכטס. ליפּע האָט צונױפֿגעזשמורעט די אויגן און אָנגעשטרענגט זיך גענומען אײַנקוקן אַהין.

— דײַטשן...— האָט אָמעלקאָ אַ שעפּטשע געטאָן, פּונקט זיי זאָלן קאָנען דערהערן,— ציל אָן אַפּ יענעם סטויג...

ליפּע האָט אָנגעצילט, און אָמעלקאָ האָט איינס נאָך דער צווייטער אַרויסגעלאָזט אַהין עטלעכע מינעס. די סקירדע האָט אויפֿגעפֿלאַקערט.

— און איצט — אין אַ זײַט, מע דאַרף איבערלויפֿן אַ הונדערט מעטער...— האָט אָמעלקאָ הייס אַ שעפּטשע געטאָן און האַסטיק גענומען אַרויסשלעפּן פֿון דער ערד די פּיסלעך פֿונעם מינענוואַרפֿער. מע האָט אַריבערגעשלעפּט דעם מינענוואַרפֿער אין אַ זײַט, אין די דעמבן-קוס-טעס, נעענטער צום וועג, אַריבערגעשלעפּט אויך אַ קעסטל מינעס. די דײַטשן זײַנען געגאַנגען גלײַך צו יענעם אָרט, ווו דער מינענוואַרפֿער איז אָט ערשט געווען, זיי האָבן זיך, אַ מאַן דרײַסיק, צעזייט אין קאָרן און געהאַלטן אין איין שיסן פֿון אויטאָמאַטן. מע האָט גוט געזען זייערע קאַסקעס, שאַרפֿע אַקסלען אין בלוילעך-גרויע מונדירן מיט שליפֿעס. אָמעלקאָ האָט באַשטימט צוואַרטן אַ ביסל, צולאָזן זיי נעענטער, זיי זאָלן זיך צונויפֿקומען אין איין הײַפֿל און דערנאָך באַשיטן זיי מיט פֿײַער. זיי זײַנען שוין געווען ניט ווײַט, אַ דרײַ הונדערט שפּאַן. זיי האָבן שוין גענומען איבערשנײַדן דעם וועג, ווען אָמעלקאָ האָט זיך געגעבן אַ גלײַך-אויס אַפּ איין קני און אויפֿגעהויבן אַ מינע. נאָר ער האָט פּלוצעם אַ קרעכץ געטאָן און אַראָפּגעלאָזט די האַנט. ער האָט זיך אײַנגעבויגן און בלאַס געוואָרן. אַ זײַטיקע קויל האָט אים געטראָפֿן אין אַקסל.

ליפּע האָט אים גיך געגעבן אַ פּיר-אַפּ אין אַ זײַט, אונטער אַ דיקן דעמב און אַלײַליק זיך געלאָזט צום מינענוואַרפֿער. די דײַטשן זײַנען שוין אין פֿולן וווקס געלאָפֿן איבערן וועג, געלאָפֿן אין צוויי קיי-טעלעך באַ ביידע זײַטן לעבן קאָרן. האָט ליפּע אין סאַמע מיט זייערן אַ שיק געטאָן אַ מינע. ס'האָט זיי צעזייט, ווי מיט אַ בעזעם. זיי האָבן זיך צעפֿויזעט אין קאָרן. אַנדערע זײַנען, צונויפֿגעדרייטע ווי ווערעם ליגן געבליבן אַפּן וועג.

ליפּע האָט איינגאַנצן פֿאַרגעסן אין שרעק. ער האָט מיטאַמאָל זיך אויסגעגלײַכט און אַ שאָט געטאָן צו מינעס פֿון ביידע זײַטן וועג, אינעם קאָרן, ווו די דײַטשן האָבן זיך פֿאַרבאַהאַלטן. און אָט אַזוי-אָ, אייגער אַליין באַם מינענוואַרפֿער, האָט ער אַ גרויסע קראַפֿט אין זיך דערפֿילט, אַ מאָדנע רויִקײַט און קלאָרקײַט אין קאָפּ. זײַן האַרץ האָט געקלאַפּט רעגלמעסיק, די אויגן האָבן געקוקט זיכער. איצט האָט אים

גאָרנישט באנק געטאָנ. אלצ איז געווענ שיינ אונ פראָסט, אונ דער טאָג האָט געלויכטנ טאקע נאָר ווי צוליב אים, די גראָזנ אינ וואלד האָבנ זיכ געבויגנ אונ די בלעטער האָבנ זיכ לייכט באוועגט.

דערמאָנט האָט ער זיכ אינ דער דאָזיקער רעגע וועגנ דעם עלטערזיידנ זיינעם, — גאָר וועגנ עלטערזיידנ! — וואָס דער זיידע אווראָם פלעגט אים שטענדיק דערציילנ וועגנ אים. געקומענ איז ער, דער עלטער זיידע זיינער, נאכמענ, אינ די דאָזיקע מעקוימעס פאר א קלעזמער צום פאָרעצ, נאָר ער האָט זיכ עפעס פארשולדיקט, אונ לויט דעם פאָרעצס א גזאר געמוזט ווערנ א בלעכער, קריכנ אפנ דאכ פונעם פאלעצ אונ פונ דער היגער מיל, אונ קיינ פידל האָט ער מער אינ די הענט ניט געטאָרט נעמענ דאָס גאנצע לעבנ... אָט דאָס איז געווענ דער גזאר פאר עפעס א כעט, וואָס דער זיידע אליינ געדענקט אים שוינ ניט... אונ דער זיידע אוראָם איז שוינ געוואקסנ אינ די דאָזיקע מעקוימעס, אינעם דאָרפ סיווירינ, א שרעקעוודיקער אונ דערשלאָגענער, אימ האָט מענ פונדאנענ געטריבנ עטלעכע מאָל, נאָר וווהינ זאָל ער געווענ גיינ, אז די וועלט איז פאר אים אומעטום געווענ פארמאכט?.. דאָס אָפגעבערנטע שטיבל האָבנ די היגע פויערימ, אויס ראכמאָנעס, אים געהאָלפנ אופשטעלנ, אונ ער האָט ווייטער געלעבט, נייגנדיק כאר יעדנ דעם טויבנ קאָפ... דער טאטע, מייער, איז שוינ גאָר עפעס אנדערש — ער האָט אינ די יאָרנ פונ בירגערקריג גענומענ א ביקס אינ די הענט, טאקע מיט ארכיפנ אונ מיט נאָכ אזעלכע איז ער אוועק. נאָר איינער האָט געבראכט א קויל אינ דיכ אונ א יאטרענדיקע וווּנד, אונ דער צווייטער — א מוטשענדיקנ הוסט, א רעשטל נאָכ א טיפוס... זיי זיינענ שוינ ביידע ניטאָ... אונ איצט שטייט ער דאָ, אפ די דאָזיקע פעלדער, ליפע, אפ דער דאָזיקער ערד, אפ וועלכער ער פלעגט נאָכ קליינערהייט, א פאסטעכל, ליב האָבנ ליגנ אינ גראָז אונ הערנ, ווי עס טראָגט זיכ אנ אָטעמענ פונ איר סאמע טיפ, ער איז זיכער געווענ, אז זי איז א לעבעדיקע. ווינטנ האָבנ אימ דאָ סוידעס דערציילט. די דאָזיקע ערד האָט אים נאסטיענ געשענקט, דאָ האָבנ אירע לידער געקלונגענ... ניינ, פאר אים איז גענוג, — איצט שטייט ער אפ דער דאָזיקער ערד, באם מינענווארפער, די הענט שיקנ אליינ, אינ אזא גרויסנ פיבער, די מינעס אינ רער. די דייטשנ לויפנ אנטקעגנ, זיי זיינענ שוינ נאָענט, זיי שרייענ עפעס, נאָר זיי טאָרנ אהער ניט דערלויפנ...

ליפע טוט א שטרעק-אויס די האנט נאָכ א מינע אונ דערזעט מיטאמאָל, אז דאָס קעסטל איז ליידיק. די קעסטלעכ מיט די מינעס זיינענ פארבליבנ אפנ בערגל, ווו מע איז פריער געשטאנענ. „מע דארפ אהינ צולויפנ” — טוט ליפע א טראכט, אונ ער לאָזט זיכ לויפנ גלייכ

דורכ אנ אָפּענער לאָנקע, ווייַל אזוי איז נעענטער. ס'טוט אים עפּעס א ברי אינ פּוס, נאָר ער דערלויפט אונ נעמט א קעכטל מינעס. צוריק לאָזט ער זיכ דורכ די קוסטעס. אויב די דייַטשנ פאַרנעמענ דאָס אָרט, וווּ עס שטייט דער מינענוואַרפער, קומענ זיי אויס אינ פּלייצע דעמ פּאָלק, וואָס שלאָגט זיכ פונ יענער זייַט וואַלד. ער פאַלט פאַר מיד-קייַט, נאָר ער שטייט באַלד אופ אונ לויפט ווייַטער. ער טוט א רוק ארויס דעמ קאָפּ דורכ די צווייַגנ, נאָכ צענ שפּאַנ אונ ער איז שוינ באַמ מינענוואַרפער. ער דערזעט אָבער, אז די דייַטשנ זייַנענ שוינ דאָרט, זיי שטייענ באַמ מינענוואַרפער אונ באַקוקנ אים.

אינ איינ אויגנבליק ווערט באַ ליפּענ גרייט א פּלאַנ. ס'טוט אים אזש א ברי פונעמ אייַנפאַל, באַ אים רייַסט זיכ אזש שיר ניט ארויס א געשריי. נאָר ער בלייַבט רויִק. איצט דאַרפ מענ נאָר צופּטראָגנ א ביסל ווייַטער אָמעלקאָן, ס'זאָל אים גאָרניט שאַטנ. ער ליגט אינ כאַלאַשעס, אַמעלקאַ. ליפּע טראָגט אימ אָפּ עטוואָס ווייַטער, לייגט אימ אוועק אונטער א פאַרבאָכיקט בערגל. דערנאָכ נעמט ער ארויס א מינע פונעמ קעסטל אונ לאָזט זיכ שוואַליאָמ לויפנ צומ הייַפל דייַטשנ באַמ מינענוואַרפער. ער האַלט אופגעהויבנ די לינקע האַנט, ווי ער זאָל אייַלנ זיי עפּעס זאָגנ, אונ יענע פאַרשטייענ ניט א רעגע, וואָס וויל דער דאָזיקער רויטאַרמייער, וואָס לויפט צו זיי. ער שרייַט עפּעס, ער שרייַט, אונ אינ דער דאָזיקער רעגע, כאָטש דער מויעכ איז פאַרנומענ מיט איינ ציל — דערלויפנ, — געדענקט ער ביז ווייטעק די באַמע זייַנע, די שוועסטער, דעמ זיידנ אונ נאַסטיען, וואָס זייַנענ אַט דאָ ניט ווייַט אונ ווען ער האָט געלאָזט דאָס שפּיגעלע... ער געדענקט דאָס, אונ עס דוכט אים דאָ, אז דאָס לויפט ער זיי אנטקעגנ, ער וועט זיי באַלד דערזענ, אָט דאַרפ ער נאָר באַלד עפּעס אזוינס אָפּטאָנ וויכטיקס. די דייַטשנ שטעלנ אָנ אפּ אימ די אווטאָמאַטנ, נאָר ער לויפט דרייסט ארייַנ אינ זייער קרייַז, לויפט ארייַנ אונ טוט מיט קראַפט א זעצ די מינע גלייַכ אינ דער רער פונעמ מינענוואַרפער. בלויז א שטאַרקער פלאַמ טוט א פלאַטער אינעמ העלנ טאָג אונ עס בלייַבט אפּ דער ערד, אינעמ ארומגעברענטנ גראָז, א גרוב, עס וואַלגערנ זיכ אפּ די צווייַגנ פונ די ביימער אונ קוסטעס שטיקלעכ אָנטאָנ, לייַב אונ בלעכ... אונ קיינ איינ לעבעדיקער איז ארומ ניטאָ, קיינ איינ איידעס...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אונ אינ ס'ווירינ, אינ ליפּעס היימ, האָט מענ אינדערפרי געפונענ אפּנ שוועל א שפּיגעלע, מיט א צוגעמאַכט צעראַטנ דעקעלע אונ ניט פאַרשטאַנענ, וואָס פאַר א ווינט האָט עס געקאָנט פאַרטראָגנ אהער. עפּעס איז עס שוינ צופיל ענלעכ געווענ צו יענעמ, וואָס נאַסטיע האָט

געהאט צרײַנגעלייגט פאר ליפּען אינעם פּעקל. די מאמע האָט שטיל אָפּגעזיפצט, סטאמ אזוי, זיכ דערמאָנט אינעם זונ. די שוועסטער, לייע, האָט זיכ פארקוקט אפּ זײַנ פּאָטאָגראפיע, וואָס איז געהאנגענ אפּ דער וואנט. דער זיידע האָט עפּעס א וואָרטשע געטאָנ... אונ נאָר נאסטיע, א הויכע, אינ א ציצנ קאָפּטל, מיט צוויי גראָבע רוסיאווע צעפּ, האָט געשווינד זיכ א ריס געטאָנ אינ דרויסנ, א צערויטלטע, א פלאטערנדי־קע, זי איז צו צומ פּלויט, צומ טויער, ארויסגעלאָפנ אפנ גאס אונ לאנג, מיט א פארויכערטנ אומעטיקנ בליק געקוקט אפּ מײַרעוו... איר ברוסט האָט זיכ האסטיק געהויבנ אונ די ליפּנ זײַנענ אָפּנ געווענ אפּ שרײַענ... נאסטיעס הארצ האָט דערפילט דעמ עמעס...

# „בא מיר איז נאָכ דאָ א מיידעלע"...

די זונ איז פארגאנגענ אינ ווײַטע פּיִאָלעטע וואָלקנס אונ אינ קנוילנ שטויב, וואָס לאסט-אווטאָמאָבילנ האָבנ קעסיידער אופגעהויבנ אפנ הינטערשטעטלדיקנ בארג-שיפּוי, איבער וועלכנ ס'האָט זיכ געשלענגלט א כטעפּיש-ברייטער זאמדיקער וועג. מיר זײַנענ ארײַנגעפאָרנ אינ זשאָווטנעווקא מיט אונדזער לאסט-מאשינ אונ אויכ אראָפּגעבראכט מיט זיכ פונעמ בארג היפּשע קנוילנ שטויב, אינ וועלכע דאָס שטעטל, מיט די פּארפּאָראָשעטע וועלקנדיקע אקאציע-קוסטעס, מיט די ליימענע נידעריקע הײַזקעס האָט ווי געוואָרגנ זיכ. — ס'איז גענוג שטויב אפנ שליאכ, ברענגט מענ אימ נאָכ אראָפּ פונ עפּעס א בארג; ס'איז אזוי אויכ גענוג הייס אינ שטעטל, טראָגנ נאָכ אָנ מיט זיכ היצ די דאָזיקע האסטיקע מאשינעס. אָבער די מענטשנ אינ שטעטל האָבנ אונדז דאָס מויכל געווענ. ס'האָט אויסגעזענ, אז זיי טראכטנ גאָר אפילע ניט וועגנ דעמ. זיי האָבנ געקוקט אפּ אונדז מיט שטילער האָפענונג אונ דערווארטונג, געקוקט פרעגעוודיק, אָנ ווערטער.

מע האָט דאָס שטעטל שוינ באָמבארדירט, ערגעצ אפּ א ראָג האָבנ מיר שוינ באמערקט ליגנ א הײַזל מיט אנ אײַנגעוואלגערטנ טשערעפּענעמ דאכ, אונ סײַ די אויסגעשלאָגענע פענצטער סײַ די מענטשנ בא די טירנ צונ שוועלנ האָבנ אָנ ווערטער געפרעגט: מע וועט נאָכ באָמבארדירנ? עפּשער באלד, עפּשער באנאכט? ס'וועט נאָכ ערגעצ בלײַבנ א גאנצע שויב? אונ איר, וואָס וועט איר זאָגנ? איר, באוואָפנטע, וועט עס שווײַגנ, איר וועט עס דערלאָזנ?

דאָס שטעטל האָט אונדז אופגענומענ גוט. מיר האָבנ נאָר אָפּגעשטעלט די מאשינ לעבנ א שטיינערנ פּלויטל, הינטער א צעוואקסענעמ אקאציע-קוסט, — אזוי מאסקירנ מיר זיכ אלעמאָל, — ווי ס'איז ארומ איר שוינ אויסגעוואקסנ א כאָפּטע יאטלעכ — באָרוועסע, צעכראסטעטע, אָנ היטלענ; מיידעלעכ מיט צעפּאטלטע קעפּלעכ — געלינקע, שווארצינקע, מיט פינקלענדיקע אייגלעכ; עפּעס אנ עלטערער ייִד, א ווײַבל מיט אָפּגעצויגענע ברוסטנ, א באָבעצי. מיר האָבנ נאָר א בעט געטאָנ א טרונק, ווי עטלעכע פּאָר פלינקע פיסלעכ האָבנ, שווינדלענדיק מיט די פּיאט-

קעפ, באלד אוועקגעטראָגן זיך צו פארשיידענע טירן. אָט טראָגט שוין א ייִנגעלע א גרויסע מעשענע קוואָרט, אז זײַנע הענטלעך ציטערן אזש, און אָט לויפט א מיידעלע מיט א קריגל...

אווטאָמאָבילן זעט מען דאָ יעדע רגע, מע קאָן שוין דאָ קיין אָטעם ניט טאָן פונעם שטויב, וואָס זיי הייבן אופ, מע ווערט פארטויבט פון זייער גערויש. נאָר עפּעס אזא ווארעמער זאפּל פילט זיך אין אלע-מענס אויגן, עפּעס ציט מען זיך צו אונדז, מע ווייכט אליין ניט, וואָס מע זאָל מיט אונדז טאָן, ווי בעסער ארויסווײַזן די ליבשאפט צו אונדז. נאָר פרעגן פרעגט מען אונדז וועגן קיין זאך ניט. דאָס ווייסט שוין דאָס שטעטל: — פרעגן דארפ מען גאָרניט, מע איז אייגענע, מע איז נאָענטע, נאָר יעדערער טוט זיך זײַנס, גייט זיך זײַן וועג, וווהין ער דארפ, און קיין פּויעגנישן זײַנען דאָ ניט נײַטיק... דער בײַרעוו, ווו די שלאכטן גייען, שווײַגט, קיין קלאנג דערטראָגט זיך דערווײַל אהער ניט, און אזעלכע זײַנען אויך די מענטשן, וואָס פאָרן אהין.

צווישן דער כאָפּטע ייִנגעלעך, וואָס האָבן אונדז ארומגערינגלט, איז מיר באזונדערס געפעלן געוואָרן א דאר, עלפיאָריק יאטל מיט א האָרבאטע נעזל, מיט גוטע, ברוינלעכע, הארציק-אָפענע אויגן, מיט צע-פּאטלטע קאשטאנעווע האָר, וואָס וואקסן אזש אריבער די אויערן און קריכן אין קאָלנער ארײַן, — א ייִדיש יאטל, וואָס אזא בין איך אמאָל מיסטאמ געווען. עפּעס האָט מיך גערירט אין זײַן קוקן אפ מיר, די לעבעדיקײַט און נײַגיר פון זײַן פּאָנעם, די צאפּלדיקע פלינקײַט פון זײַנע הענט. עפּעס האָט זיך ווי אופגערעגט אין מיר א ווײַנס, אזוינס, וואָס איך ווייס גאָר ניט, צי ס'איז מיר ליב, צי ניט ליב... איך האָב אים געפרעגט:

— מע קאָן זיך בא דיר ארומוואשן, יאטל?

— יאָ, יאָ! — ער האָט עטלעכע מאָל א מאך געטאָן מיטן קאָפּ, ער האָט זיך צעשײַנט, ער האָט מיט גאדלעס און פרייד א קוק געטאָן אפ זײַנע כאווערימ און זיך געלאָזט לויפן פאָרויס צו זײַן שטיבל.

איך בין ארײַן נאָך אים אין שטוב, און האָב גאָר פארגעסן וועגן וואשן זיך. איך האָב גאָר מיטאמאָל זיך דערפילט א קליין ייִנגל, פונקט ווי אָט דאָס דאָזיקע יאטל. נאָכן הייסן לויטערן טאָג, וואָס איז פאר מיר פול געווען מיט אזויפיל געפארן, איז עפּעס גוט געווען צו דער-פילן, אז דו קוקסט גאָר אייגנטלעך אפ אלץ מיט אויגן פון א קינד, כידעשסט זיך, ביסט האָפּערדיק און קאָנסט א פליג אײַנשפּאנען אין צוויי שטעכלקעס מיט רעדלעך און מיינען, אז ס'איז א וואָגן...

הערשעלע, אָט דאָס דארע ייִנגל מיט די הארציק-אָפענע אויגן, האָט געהאט א ביסל צופיל סליונע אין מויל און זי איז אים אלע מאָל גע-

רונען צווישן די אונטערשטע שיטערע ציין איבער דער ליפ; ער האָט געהאַלטן אין איין אונטערציִען די הייזלעך און אונטערגעטאַנצט דער-בײַ — פונקט ווי איך קליינערהייט, די מאַמע פלעגט פאַר דעם אפ מיר גוט שרײַען, — און דערציילט מיר, אַז ער האָט שוין געזען אָט-דאָ אין שטעטל אַ גענעראַל, אַן עמעסן רויטן גענעראַל מיט שטערנס אפ די לאַצן, און יענער האָט אים געגעבן אַ קאָנפעקט... יאָ, יאָ, ער האָט דאָ געפונען אַ קאַסקע, האָט ער זי געבראַכט צום שטאַב און זי אָפגעגעבן דעם גענעראַל אין די הענט. דער גענעראַל איז פונקט אַרויסגעגאַנגען, האָט ער זי אים פונקט צוגעטראָגן, און יענער האָט אים געשענקט אַ קאָנפעקט... אָט איז דאָס פאַפירל דערפון.

און ער האָט מיר באַוויזן אַ זילבערדיק אויסגעפרעסט פאַפירל, אַזעלכע, ווי איך פלעג אַמאָל קלײַבן. דערנאָך האָט ער מיך מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— עפשער האָט איר אַ פושקעלע פון ציגאַרן?

איך בין שוין געזעסן בא אים אים שטוב, אין קילבלעכן צימער מיט די צוגעמאַכטע לאָדן, אפן שטרויענעם, סקריפענדיקן בענקל, ווען ער האָט דאָס מיך פלוצעם אַ כאַפ געטאָן, צי איך האָב ניט קיין ציגאַרן-פושקעלע. ניין, איך האָב ניט, איך רויכער ניט. כאָטש איך וואָלט איצט ווייס-איך-וואָס אָפגעגעבן אפ צו קריגן פאַר אים אַ ציגאַרן-פושקעלע.

— נאָך וואָס דאַרפסטו דאָס, הערשעלע?

— נאָך וואָס? גלאַט אַזוי. איך קלײַב ציגאַרן-פושקעלעך... אָט טוט אַ קוק...

און ער פירט מיך אַרויס אין קעמערל און באַװײַזט מיר דאָרט אונטערן קיך-טישל זײַן גאַנצן פאַרמעגן — אַ היפשע קאָלעקציע ליידיקע ציגאַרן-פושקעלעך, סאַמע פאַרשיידנסטע.

— איך האָב אָנגעהויבן קלײַבן, און אַלע קינדער פון דער גאַס טוען שוין דאָס זעלביקע...

הערשעלע ווייסט, הייסט עס, אויך ניט, אַזוי ווי איך דעמלט, פונקט אין אַזאַ אומרויִקער, פײַערדיקער צײַט, וואָס אַרום אים טוט זיך, ער ווייסט ניט און פילט מער ווי עלטערע, ווײַל אַ קינדס אַ טרער איז שווערער פון אַן עלטערנס. ער געפינט זיך אין אַ ליכטיקן כאָלעם, אַ שוואַרצער בייז-וווּנדער איז פאַר אים אַ כאָלעם... איך האָב גאָר דעמלט געקליבן ליידיקע קוילן-הילזעס, אַ באַרג הילזעס. דערנאָך האָט מען דעם טאַטן שיר ניט צעשאָסן פאַר זיי — נאָר איך האָב עס דען פאַרשטאַנען? און הערשעלע פאַרנעמט זיך גאָר מיט אַן אומשולדיקער זאַך — מיט ציגאַרן-פושקעלעך. אַז די מאַמע זײַנע איז גאַנצענע טעג ניטאָ

אין דער היים, זי ארבעט אין גאָרקיב, די מאמע, און אין שול זײַנען קאניקולן; הערשעלע ווייסט ביכלאל ניט, צי מע וועט שוין לערנען אין שול — פארנעמט ער זיך מיט דעם דאָזיקן...

יאָ, ער קאָן מיר אויך באווײַזן אַן אָקאָפּ, הערשעלע. זיי האָבן אַן עמעסן אָקאָפּ אפן גאָרטן. ער רעדט וועגן דעם פונקט, ווי מע רעדט וועגן אַן אייגענער קו, אַ לאָשעקל. און מיר גייען אַ קוק טאָן אפ דעם אָקאָפּ. ער געפינט זיך צווישן הויכע שטעכיקע בודזיקעס.

— דאָס, — דערקלערט מיר הערשעלע, — איז אומיסטן, קעדיי מע זאָל אים ניט אָנזען פון דער הייך. דאָ האָט אַ קישענעווער פעטער בא אונדז געוועכטיקט, האָט ער דאָס אויסגעגראָבן דעם אָקאָפּ. די מאמע האָט אים געהאָלפן, געטראָגן עמערס ערד. און איצט, ווען סע פליִען אעראָפּלאנען באנאכט, באהאלטן מיר זיך אין אָקאָפּ. מיר שלאָפן אין אָנטאָן. גיב איך נאָר איין שפרונג און בין שוין דאָרטן...

ער שמייכלט, הערשעלע, ער איז אליין צופרידן פון זײַן בעריע-שאפט. און איך בין אויך צופרידן. אלץ זעט אויס אזוי פראָסט און אינגאנצן ניט שרעקלעך. וואָס קאָן דען געשען מיט אַ קינד?

און איך געדענק איצט אַ סאך זאכן, און מער פון אלץ — איין זאך, אזא, וואָס איז מיר אפ שטענדיק פארבליבן אין הארצן. איך שטיי פאר הערשעלען אַ גרויסער, אָנגעטאָן אין כאקי, מיט קאָמאנדיר-צייכנס אפ די לאצן, אין גלאנצנדיקע פּאָרטופּייעס, מיט אַ פּיסטאָלעט, און וואָלט וועלן, אז אָט אזא זאָל איך פארבלײַבן אין זיקאָרן בא אים. אַ לויטערער זיקאָרן קער זײַן בא הערשעלען, אַ קלאָרער, ווי דער קאיאָר, איז וואָס זשע וואָלט אים געארט, ווען ער פארגעדענקט מיך אָט אזא. איך גיי אין אזא געפאר, אין העליש פײַער גיי איך, דויק, גרייט צו אלץ, נאָר אין זיקאָרן בא הערשעלען וואָלט איך וועלן פארבלײַבן, פונקט ווי בא מיר אין זיקאָרן זײַנען פארבליבן אנדערע... זאָגן אים דאָס — וועט ער ניט פארשטיין, ער וועט צוזאָגן, ווײַל ער איז אַ גוט יאטל, נאָר ער וועט ניט וויסן וואָס און צוליב וואָס, — דארף מען אים בעסער טאָן עפּעס אזוינס, ווי מע האָט מיר געטאָן, דעמלט, שוין לאנג-לאנג, וועל איך עפשער אויך זויכע זײַן...

איך בין אוועקגעפאָרן טאקע דעם זעלבן אָוונט אפן פראָנט. וואָס איז מיט מיר דאָרט ניט געשען, וואָס איך האָב ניט געזען און איבער-געלעבט, נאָר ס'איז מיר אויסגעקומען צוריק דורכפאָרן פארבײַ דעם שטעטל זשאָוטנעווקא. ס'איז געווען אין עטלעכע טעג ארום, און קיין זאך האָט זיך דאָ ניט געענדערט. כ'האָב אָפּגעשטעלט די מאשין לעבן הערשעלעס שטיבל, לעבן שטיינערן פלויטל אונטער דער צעוואקסענער אקאציע, נאָר פארוואונדערט האָט מיך אַ ביסל, וואָס די אקאציע איז

עפּעס ווי אָפּגעסמאַליעט, דאָס פּלויטל איז א ביסל צעשעדיקט, און די טיר, הערשעלעס טיר, איז פון די האַקנס אַראָפּ, דער טשערעפּענער דאַך איז צעלעכערט, און קיין שויבן זיינען דאָרט, דוכט זיך, פריִער אויך ניט געווען.

מיט א קאַלטן קלעם אין האַרצן בין איך צוגעגאַנגען צו דער שטוב. מע זעט ניט הערשעלען. ווו שפּילט זיך איצט דער כעוורעניק? עפּשער בא זיינע ציגאַרן-פּושקעלעך. נו, נו, דאָס האָב איך שוין ניט פאַרגעסן. איך פיר פאַר אים עטלעכע שיינע פּושקעלעך, און נאָך עפּעס — עמעסע הילזעס פון א ביקס, פון א נאַהאַן און פון א דייטשישן מאַוזער... א שאָקאָלאַד האָב איך פאַר אים, מע האָט אונדז אַפן פראָנט אַרויסגעגעבן, — און א שיין פאַסיקל.

אין פאָרהייזל איז שטיל. די ציגאַרן-פּושקעלעך ליגן אונטערן טישל, נאָר סע ליגט דאָרט אויך עפּעס א צעריסענער קאָלאָש. הערשעלע זאָל דאָס דערלאָזן!

שטיל האָט א סקריפּע געטאָן די טיר אין צימער אַריין און שטיל האָבן פון א ווייטן ווינקל זיך אָנגעשטעלט אַף מיר א פּאָר גרויסע, שוואַרצע, פאַרגליווערטע אויגן. כ'האָב אזש א ציטער געטאָן. כ'האָב גאָר מיטאַמאָל דאָס פּאָנעם ניט דערזען, ניט דערזען דעם מענטשן, נאָר די אויגן, וואָס זיינען געווען פול מיט צאָרן און פּיין, ווי צוויי לויכטנדיקע פלעמלעך... כ'בין פאַרקילט געוואָרן לעבן שוועל. דאָרט אין ווינקל איז אַף א סאָפּקעלע געזעסן א פרוי פון א יאָר פינף און דרייסיק, מיט א מאַט, אָפּגעצערט פּאָנעם, מיט אָנמעכטיק אַראָפּגעלאָזטע הענט אַף די קני. איר קובלעק איז זיך צעפאַלן, און זי האָט אים ניט פאַריכט. די ליפּן זיינען אָפן געווען, ווי אַף עפּעס זאָגן, צי שרייען, נאָר מע האָט קיין קלאַנג ניט געהערט, און דאָך האָט זיך געדוכט, אַז זי רעדט צו עמעצן, אָדער זי הערט זיך צו צו עמעצנס שטים.

— איר זייט די מוטער? — האָב איך שטיל געפרעגט. איך האָב שוין אַלץ פאַרשטאַנען, און קיין קויעך ניט געהאַט אין זיך אַוועקצוגיין, עפּעס האָט מיך געצויגן זיין דאָ, איינזאַפּן אין זיך דעם דאָזיקן ווײ.

כ'האָב גענומען א קליין בענקעלע, וואָס איז געשטאַנען דערביי, — א בענקעלע, אַף וועלכן די פרוי האָט עפּשער פריִער מיט א ווײַלע געהאַלטן די פיס, דאָס בענקעלע, אַף וועלכן הערשעלע איז געזעסן, אַף וועלכן ער האָט צוועקעס געגלייכט, געמײַסטרעוועט, — כ'האָב זיך אַוועק-געזעצט אַף דעם.

כ'האָב געוואָלט פרעגן, ווען איז דאָס פאָרגעקומען און וויאַזוי, — אין גאַס, אין שטוב, צי אין גאָרטן — אין אָקאָפּ? כ'האָב אַף די ווענט קיין סימאָנים פון שפּליטערס ניט געזען. נאָר איך האָב ניט געוואָלט

צעשטערן דער פרויס שוויַגן, און כ'האָב מוירע געהאַט פאַר איר שמים. זי האָט מיך ניט געקענט און ניט געפרעגט, ווער איך בין. א שווערער גלײַכגילט האָט זי באַהערשט, אָפּגעטעמפּט און אָפּגעטויט אין איר אַלץ. כ'בין געזעסן, און אַלע שוידערן, וואָס כ'האָב געזען אַפן פראָנט: פײַער און שיסערײַ, וווּנדן און טויט — האָבן מיר אויסגעזען צו קליין קעגן דעם ווייטעק, קעגן דעם שטומען פײַן פון דער דאָזיקער מוטער. כ'האָב זי געוואָלט טרייסטן און אָנגעהויבן גאָר דערציילן וועגן זיך. כ'האָב דערציילט, אַז אין 1919 יאָר, ווען כ'בין נאָך געווען אַזאַ קלײנינקער, ווי הערשעלע, זײַנען צו אונדזער שטוב צוגעפאָרן צוויי בודיאָנאָווצעס אַפּ פערד, הויכע יונגען מיט שוואַרצע טשובעס און באַראַשקענע פאַפּאַכעס. זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב און געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל זיי עפּעס געבן עסן. ער האָט זיי דערלאַנגט סמעטענע, דערלאַנגט ברויט. דערנאָך האָט ער צוגעשטעלט א בענקעלע צו דער שאַפע און אַראָפּגענומען פון דאָרט א סלאָי וואַרעניע. די בודיאָנאָווצעס האָבן באַטראַכט דעם סלאָי, גענומען אים אין די הענט, דערנאָך אים אוועקגעשטעלט אַפן טיש און געזאָגט:

— מירן דאָס ניט עסן. זאָל דאָס זײַן פאַרן יאַטל...

זיי האָבן אָנגעוויזן אַפּ מיר, און האָבן מיר נאָך איבערגעלאָזט עטלעכע פאַרשטויבטע מאַנפּאַסיע, וואָס איינער פון זיי האָט געהאַט אין א קעשענקעלע פונעם זאָטל...

— איז אָט יענע צוויי בודיאָנאָווצעס האָב איך פאַרגעדענקט אַפּ שטענדיק... איך בין דאָ געהאַט געווען מיט א פּאָר טעג צוריק, — האָב איך ווײַטער דערציילט דער פרוי, — האָב איך הערשעלען געזען... ער איז געווען פונקט אַזאַ, ווי איך דעמלט. האָב איך אויך געוואָלט, ער זאָל מיך פאַרגעדענקען, הערשעלע...

די פרוי האָט קוים אויסגעקערט צו מיר דעם קאָפּ, זי האָט געקוקט אַפּ מיר שטיל, פול מיט טרויער זײַנען געווען אירע גרויסע אויגן, ניט קיין טרערן — טריפנדיקער טרויער. און איך ווייס ניט, צי זי האָט פאַרשטאַנען מײַנע רייד, צי ס'זײַנען צו איר פאַרגליווערטן האַרץ דערגאַנגען מײַנע ווערטער, נאָר זי האָט געזאָגט שטיל, ווי צו זיך אַליין:

— ס'איז בא מיר נאָך דאָ א מיידעלע...

כ'האָב זיך אַרומגעקוקט. זי איז אויפגעשטאַנען. מיט א פיבערדיקער באַוועגונג פון דער האַנט, פונקט אַזוי ווי הערשעלע, האָט זי מיך אָנגענומען פאַר אַן אַרבל און אַרײַנגעפירט אין א צווייט צימערל. אַפּ א בעט איז דאָרט געלעגן א מיידעלע פון א יאָר זעקס מיט א פאַרבאַנדאַזשירט קעפּל, מיט רויטע, פון היץ צעפלאַמטע בעקלעך, מיט אַראָפּגעלאָזטע שוואַרצע וויִעס אַפּ גרויסע, מאַטע אויגן-לעפּלעך...

— ראָכעלע! — האָט די מאַמע זי אַ רוף געטאָן. — אויצער מײַנער.

ראָכעלע האָט געעפנט די אויגן. שוואַרצע, שוואַרצע, טיפע, ווי אַ ברונעם. אָט אַזאַ דאַרף טאַקע הייסן ראָכעלע.

כ׳האָב געקוקט אויפן קינד, אויף די דאַרע, ברוינע הענטלעך, וואָס זײַנען אויסגעצויגן געווען אויף דער קאָלדרע. כ׳האָב דאָכעלען אוועקגעלייגט די מאַטאָנעס, וואָס איך האָב געהאַט געקרייט פאַר הערשעלען. דערנאָך האָב איך איר געזאָגט די ווערטער, וואָס איך האָב עפּשער פאַר הערשעלען אָנגעגרייט, געזאָגט זיי אַנדערש, געזאָגט אַזוי, ווי מע דאַרף זיי זאָגן נאָר אַ ראָכעלען:

— וועסט אויסוואַקסן, שוואַרציניקע, זאָלסטו געדענקען, און זאָלסט די קינדער דײַנע אויך דערציילן...

זי האָט געקוקט אויף מיר מיט גוטע, שוואַרצע, האַרציקע אויגן, ראָכעלע, ווי זי זאָל פאַרשטיין, וואָס איך רייד. און אין מיר איז אַ גרויסער צאָרן אָנגעזאָטן אויף אַ געשריי טאָן, אַז די ערד זאָל נעמען ציטערן, די וואַנט זאָל זיך צעפאַלן, און אַלע זאָלן דאָס זען. ראָכעלעס בלוט אויפן שטערן האָט געשריגן. כ׳האָב צונויפגעקריצט די ציין און מיט אַ פיבערדיקער האַנט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן פיסטאָלעט און פאַר די גראַנאַטעס, וואָס זײַנען געהאַנגען אויף מײַן פּאַסיק.

# ווארעמ

באמ באשטימטנ אָרט — דרײַ קרומע, דארע ביימלעכ אינ הוילנ סטעפ — איז מענ זיכ פאנאנדערגעגאנגענ יעדערער אינ אנ אנדער ריכטונג אונ אָפגערעדט צווישנ זיכ, אז אינ א שאָ ארומ דארפ מענ זיכ דאָ טרעפנ ווידער אונ צוזאמענ זיכ אומקערנ אינ דאָרפ, אינ שטאב. נאָר אָט איז שוינ צוויי שאָ, די דריטע, פאָרכאָוו אונ טשיקאָלדא זײַנענ שוינ לאנג דאָ לעבנ די דרײַ ביימלעכ, מע ליגט אינ שניי אונ מע נודיעט זיכ, אונ מיכײַלאָ לונ קומט נאָכ ניט. מע איז אָנגעשטרענגט ביזנ לעצטנ גראד אונ אפ די הערצער בא ביידנ איז שווער. וואָס דאָרטנ זאָל ניט האָבנ געשענ מיט מיכײַלאָנ, איז ווענ ער זאָל נאָר לעבנ, וואָלט ער זיכ שוינ געדארפט אומקערנ... אָט ווערנ שוינ בלאסער די שטערנ אפנ באנאכטיקנ, פראָסטיקנ הימל, אָט ווערט ווי שטרענגער דער נאָענטער, ווײַסער ראנד פונ האָריזאָנט, דאָרט שיידט זיכ קוימ אויס א לענגלעכער קורגאנ, — אָט אהינ, צו די בלינדאזשנ, וואָס געפינענ זיכ דאָרט, איז עס לונ אוועק. נאָר מע האָט דאָכ דאָרט ניט געהערט קיינ שומ שאָס, אָדער עפעס אנ אנדער גערודער, אלצ איז שטיל, פונ מאָל צו מאָל לאָזט דאָרט ארויס דער דײַטשישער וואכמאנ א ראקעטע, זי פליט אופ ניט גאָר הייכ אינ הימל, באלויכט מיט א טויטער שײַנ דעמ פארשנייטנ סטעפ אונ פאלט פאמעלעכנ צוריק אנ אויסגעלאָשענע. וואָס זשע איז דאָרט מיט מיכײַלאָנ געשענ?

איוואנ פאָרכאָוו באשטימט צופויזענ א קוק טאָנ, וואָס איז ניט מיכײַלאָנ. טשיקאָלדא וויל פויזענ, ער איז ייִנגער. נאָר איוואנ איז צערודערט אונ בייז, אונ מע טאָר אימ אינ אזעלכע רעגעס ניט דערווידערנ. ער טוט בלויז א הייב אופ די האנט עטוואָס איבערנ שניי אונ זאָגט „ליג” — הייסט עס, אז מע דארפ ליגנ. ער נעמט אראָפ דעמ אווטאָמאט פונ דער ברוסט, שפארט זיכ אָנ מיט אנ עלנבויגנ אינ שניי אונ נעמט פויזענ.

עס האָט געדויערט מאמעש אנ אײביקײַט ביז ליאָניע טשיקאָלדא באמערקט אינ דער גרינלעכ-אשיקער טונקלקײַט פונ פארשנייטנ סטעפ, אז פאָרכאָוו קערט זיכ אומ. אָנגעבויגענערהייט, שלעפנדיק אונטער די פאכוועס לונינ, בא וועמענ דער קאָפ איז מיט עפעס פארוויקלט אונ

די הענט הענגענ אראָפ ביזנ שניי, מיט צוויי אווטאָמאטנ אפנ אקסל, איז ער שוועד-סאפענדיק צוגעקומענ צו די דרײַ ביימלעכ.

— א לעבעדיקער? — האָט טשיקאָלדא געפרעגט, אונ פונ שטארקער רעגונג אונ פונ קלאמערנדיקנ פראָסט האָבנ זײַנע ליפנ זיכ ניט צעעפנט.

— א לעבעדיקער, נאָר א דערפראָרענער... — פאָרכאָוו האָט אראָפגענומענ די הענטשקעס אונ א הויכ געטאָנ אפ די צונויפגעבויגענע פינגער. — כ'האָב דאָס פאָנעם אימ פארדעקט מיטנ וואָלענעמ קאמזויל, וואָס כ'האָב באַמ געהארגעטנ דײַטש אראָפגענומענ... מע טאָר דאָ לאנג ניט שטיינ — די דײַטשנ קאָנענ זיכ כאפנ, אז עס פעלט זיי איינער... אונ מע דארפ מיכײַלקענ דערווארעמענ.

פויזענדיק אפ אלע פיר, נעמט פאָרכאָוו פאנאנדערשפרייטנ אפנ שניי זײַנ פלאשטש-פאלאטקע. ליאָניע טשיקאָלדא שארט זיכ צו צו לונינ. ער וויל אימ א קוק טאָנ אונטערנ פרעמדנ, גרינעמ קאמזויל אונ וואגט ניט. פאָרכאָווס שטרענגע, אראָפהענגענדיקע וואָנצעס אונ די געדיכטע, צונויפגעדריקטע ברעמענ שרעקנ אימ, די גאנצע כמורנעקײַט זײַנע שרעקט אימ. דאָכ טוט ער א הייב אופ א ביסעלע דעמ קאמזויל אונ גיט א קוק אפ לונינ: א געלער איז ער, נאָר עפעס דוכט, אז ער איז פאר די פאָר שאָ ווי געלער געוואָרנ, ווי די רויטע שטעכלקעס-באָרד זײַנע איז אימ אונטערגעוואקסנ, די נאָז האָט זיכ פארשפיצט, — די נאָז, די באקנ אונ די הויט בא די ברעמענ איז ווי מיט בלאָווקײַט באדעקט.

— ליאָניע... — זאָגט שטיל לונ אונ זײַנ קאָל ציטערט מאָדנע אונ די אויגנ קוקנ קוימ. — כ'בינ דערפרוירנ... שיר אינגאנצנ ניט פארפרוירנ געוואָרנ...

— נישקאָשע, — ענטפערט ליאָניע, — מירנ דיכ ברענגענ אפ לעמיכאָווס כוטאָר... אהינ איז ניט ווײַט... ער לאָזט אראָפ דעמ קאמזויל אונ באמערקט, ווי מיכײַלאָ טרייסלט זיכ אינגאנצנ.

— ער טרייסלט זיכ, איוואנ... — זאָגט טשיקאָלדא.

— דארפ מענ גיינ גיכער...

מ'איז געגאנגענ אײַליק, אָנגעבויגנ, גלײַכ איבערנ פארשאָטענעמ סטעפ, געריזנעט ביז איבער די קני. די פלאשטש-פאלאטקע האָט זיכ געשלעפט איבערנ שניי-דעק. מיכײַלאָ האָט זיכ געוואָרפנ פונ קעלט. אינ א פארבאהאלטענעמ טאָל האָט מענ אויסגעטאָנ פונ זיכ די ווײַסע כאלאטנ, אראָפגעוואָרפנ פונ זיכ די פעלצלעכ, אײַנגעדעקט מיט זיי מיכײַלאָנ אונ ווידער ארופגעשלעפט אפ זיכ די כאלאטנ. פאָרכאָוו האָט שטיל דערציילט:

— די דײַטשישע בלינדאזשנ זײַנענ דאָכ פונ יענער זײַט פארשנייטנ ריוו, וואָס באַמ קורגאנ. דאָרטנ שטייט בא זיי א וואכמאנ. מיכײַלאָ האָט צוגעפויזעט צומ ריוו, געווארט, דער וואכמאנ זאָל אָפגיינ אינ א זײַט,

װעט ער זיך אריבערקלײַבן צו די בלינדאזשן. יענער האָט אָבער באַמערקט עפּעס אַ באַװעגונג אין שנײ און איז שטײן געבליבן, װי אַ צוגעשמידטער. כאָטש טו, װאָס דו װילסט. שיסן װעכטו דאָך ניט. מיכײַלאָ ליגט ניט טויט, ניט לעבעדיק, און דער װאַכמאַן גיט אַכטונג אַף דעם אָרט. לאַנג דאַרף אַ מענטש אין אַזאַ פראָסט ליגן אָן באַװעגונג, אַז ער זאָל פאַרקאָװעט װערן? און איך האָב לויט די שפּורן אין שנײ געזען, װוּהין מיכײַלאָ האָט אַװעקגעפּויזעט, נאָר גלײַך צו אים האָב איך זיך ניט געלאָזט, באַשטימט פריִער אַראָפּנעמען דעם װאַכמאַן, דערנאָך — בין איך שוין באַלעבאָס. אַז כ'האָב אַראָפּגענומען דעם דײַטש, האָב איך אָפּגעזוכט מיכײַלקען באַם בְרעג ריװ קוים אַ לעבעדיקן... נאָר נישקאָשע, מירן אים דערװאַרעמען... אָט איז דער כוטאָר...

פונעם כוטאָר, װאָס איז געלעגן אַף אַ לענגלעכן בערגל, זײַנען פאַרבליבן נאָר הוילע רויִנען, די פאַרשװאַרצטע קרומע װענט און הענגענדיקע באַלקנס האָבן אין דער קאַיאָריקער בלויקײַט אָנגעװיזן, װוּ די הײַזער זײַנען דאָ געװען. אין כוטאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט עפּעס אַן אָבאָז. די פורלעך זײַנען געװען צונויפגעדריקט צװישן די רויִנען; די פערד, באַ װעלכע די נאָזלעכער און די ריפּן זײַנען באַדעקט געװאָרן מיט פראָסט-טוי, האָבן זיך געדרוקט אײנער צום צװײטן, אַװעקגעלײגט אײנס דעם אַנדערן די מאָרדעס אַף די העלדזער און געציטערט. די אָנטרײַבער, אין גוטע פעלצן און אין װאַליקעס, מיט ביקסן אַף די פלײצעס און מיט בײַטשן פאַרוקטע אין די פאַסיקעס, האָבן מונטערע אונטערגעטאַנצט אַפן פראָסט; זײ האָבן עפּעס אויסגעלאָדן פון די װעגענער, אָפּגעטראָגן אין די צערויִנירטע כאַטעס. קײן שײַטער האָט מען אָנגעצונדן ניט — דער דײַטש איז נאָענט.

פאָרכאָװ און טשיקאָלדאַ האָבן דערטראָגן לוניִן ביזן מיט כוטאָר און זיך אָפּגעשטעלט. װוּהין זשע גײט מען? קײן גאַנץ הויז איז ניטאָ. לון האָט װידער זיך גענומען טרײסלען אין דער פלאַשטש-פאַלאַטקע, און זי ציט, װי אַ שטײן, אַראָפּ. האָבן די אויסשפּירער געמאַכט נאָך עטלעכע שפּאַן אין אַ זײַט, סטאַם אַזוי, אַבי ניט שטײן. אַ פאַרפרוירענער דײַטש איז געלעגן באַ דער זײַט פון װעג, אַ האַלב פאַרװײטער מיט שנײ. איז פאָרכאָװ אַריבערגעטראָטן איבער אים און צו זיך אַלײן און צום אָנקומענדיקן פראָסטיקן אינדערפרי אַ זאָג געטאָן: — „אויסװורפן“... די פלאַשטש-פאַלאַטקע מיט לוניִן האָט אויך פאַמעלעכן זיך אַריבערגערוקט איבערן פאַרפרוירענעם דײַטש, דערנאָך האָט איבער אים אַריבערגעשפּאַנט טשיקאָלדאַ.

— איװאַן, — האָט ער געזאָגט, — דאָרט, אַראָפּ-באַרג שטײט עפּעס אַ שטיבל, אַפילע אָן אַ דאַך...

אָנ ווערטער האָט פּאָרכאָוו פּארקערעוועט אהינ. זײַנ קאָפּ אינעמ ווײַסנ קאפּיושאָנ פונ כאלאט איז געווענ אראָפּגעלאָזט אונ די שווארצע, אראָפּהענגענדיקע וואָנצעס האָבנ דערגרייכט צו דער ברוסט.

דאָס שטיבל, וואָס ליאָניע האָט באמערקט, איז טאקע געווענ אָנ א דאכ, אָבער די פּענצטער זײַנענ געווענ פארשטעקט מיט שמאטעס, אונ דאָס האָט געוועקט א האָפענונג, אז אינ שטיבל איז עפּשער ווארעמ.

פּאָרכאָוו האָט א שטופּ געטאָנ די טיר — זי האָט זיכ געעפנט, נאָר ס'האָט פונ אינווייניק ניט קיינ ווייע געטאָנ מיט ווארעמקײַט, עפּעס האָט שוינ פונ דאָרט א צי געטאָנ, ווי פונ א קעלער. דאָכ זײַנענ זיי אהינ ארײַנ. דורכ א האלבער שויב, וואָס האָט מיט ניסימ זיכ אײַנגעהאלטנ אינ א פענצטער, האָט זיכ געזײַט א שוואכע, אינדערפריִעדיקע שײַנ אונ באלויכטנ א גרויס צימער, מיט שווארצע, אָפּגעשלאָגענע, פארויכערטע ווענט, מיט שטרוי אפנ דיל, אָנ איינ ברעקל מעבל. נאָכ פונ ערגעצ האָט זיכ געזײַט שײַנ. דאָס זײַנענ אָפּגעשטאנענע עטלעכע ברעטער פונ דער סטעליע אונ געהאנגענ דאָרט פארשאָטענע מיט שניי. ס'איז קאלט געווענ, ווי אינ דרויסנ.

אפנ שטרוי, אינ א זײַטיקנ ווינקל, לעבנ דעמ צעוואלגערטנ אויוונ, האָט מענ זיכ גענומענ באוועגנ: עמעצ האָט זיכ צעהוסט אונ אופגעהויבנ זיכ פונ א בארג שמאטעס — דאָס איז געווענ אנ עלטערע פרוי. דערנאָכ האָט זיכ אופגעזעצט אנ עלטערער מאנצבל, ער האָט אָנגערוקט מיט איינ האנט אפנ קאָפּ דאָס היטל אונ מיט דער צווייטער — געפלײַסט זיכ אויספּלאָנטערנ א שטרוי פונ דער גרוילעכ-שווארצער באָרד. די לעצטע האָט פונ צווישנ די שמאטעס זיכ אופגעהויבנ א יונג מיידל, וואָס איז געלעגנ צווישנ די אלטע לײַט. זי האָט זיכ גלײַכ אופגעשטעלט אפ די פיס אינ פולנ אָנטאָנ, אפילע אינ פּאלטאָ מיט אנ אויסגעריבענעמ האָזנ-קעלנערל אונ אינ וואָליקעס, ווײַזט אויס, אז זי איז שוינ געווינט צו באנאכטיקע באזוכנ, זי איז געווינט פלוצעמ איבערײַסנ איר שלאָפ. זי האָט נאָר אראָפּגענומענ דאָס היטעלע פונעמ קאָפּ, א מאכ געטאָנ מיט דער שווארצער פּאטלע ווילד-צעוואקסענע אונ לאנג ניט געוואשענע האָר, מיט א געניטער באוועגונג פארוקט זי ווידער אונטערנ היטעלע, א פיר געטאָנ מיט דער האנט איבערנ מיידלש-ווייכנ פּאָנעמ, ווי זי זאָל וועלנ אינגאנצנ אָפּמעקנ דעמ שלאָפ פונ אימ, אונ מיט גדינלעכע, מאָדנע-ערנסטע, פרעגנדיקע אונ נײַגעריקע אויגנ א קוק נעטאָנ אפ די געסט.

— מע וואָלט דארפנ די הרובע אײַנהייצנ, מומינקע...— האָט טשיקאָלדא געזאָגט צו דער אלטיטשקער, וועלכע האָט, זיצנדיק אפנ שטרוי, איבערגעשנורעוועט א שוכ.

ער האָט אָבער בלויז איינ רעגע זיכ פאַרהאַלטנ אַפ דער אַלטי־טשקער, אונ הונגעריק אָנגעשפּעלט דעמ בליק אַפ דעמ מיידל, באַקוקט זי פונ קאָפּ ביז די פיס.

— איי, זונדעלע, וויאַזוי זשע הייצט מענ זי, די הרובע, אַז דער דייַטש האָט זי צעוואַלגערט אונ אַז א סנאַריאַד האָט דעמ קימענ צוזאַמענ מיטנ דאַכ אַראָפּגעטראָגנ... מיר וואָלטנ אַליינ באַלאָנים געווענ, אַזויפיל זיכ אָנגעמוטשעט...

— מע דאַרפ א כאַוועך דערוואַרעמענ...— האָט פאָרכאָוו כמורנע געזאָגט.— ער איז דערפרוירנ... א שיסל האָט איר?

— וואָלסטו כאָטש די סטעליע צוגעדעקט מיט שטרוי, דאַנילאָ,— האָט די פרוי געזאָגט צומ אַלטנ, ניט דערהערנדיק, וואָס פאָרכאָוו פרעגט,— כ'האָב דאָכ דיר נאָכ נעכטנ געזאָגט, מע דאַרפ די לאָכ פאַרדעקנ, אָט וואָלטנ מענטשנ געהאַט, ווו זיכ דערוואַרעמענ...

דער אַלטער איז אַוועק אונ באַלד האָט מענ דערהערט זייַנע טריט אונ זייַנ פאָרענ זיכ אַפ דער סטעליע. נאָר אינ שטוב איז קאַלט, עס גליווערט יעדער אייווער, אונ לונ וואַרפט זיכ שוינ אַפילע ניט אינ דער פלאַשטש-פּאַלאַטקע.

— וואָס איז ער — א פאַרווונדעטער?— די אַלטיטשקע גייט ווייַט, מיט א זייַט אַרומ דער פאַרוויקלטער פלאַשטש-פּאַלאַטקע. זי שאָקלט מיטנ קאָפּ.

דאָס מיידל, ווי ס'איז שטיינ געבליבנ לעבנ דעמ צעוואַלגערטנ אויווג, אַזוי שטייט עס, קוקט אָנגעשטרענגט, כמורענדיק די ברעמענ: זי קאַלופּעט מיט די פינגער שטיקלעכ ליימ פונ א ציגל אונ וואַרפט זיי אינ שטרוי. אונ ליאָניע טשיקאָלדאַ שטייט אינ א צווייטער זייַט, לעבנ פּליטע, ער זעט, ווי דעמ מיידלס באַקנ פלאַמענ, אונ טראַכט, ווי הייס זיי זייַנענ. ער קאַלופּעט אויכ צוביסלעכ שטיקלעכ אַרומגעבראָכענע ליימ פונ א ציגל...

פאָרכאָוו וויקלט אויס לונינ פונ דער פלאַשטש-פּאַלאַטקע, ער דעקט אימ אָפּ דאָס פּנים. ער רופט צו טשיקאָלדענ, ער זאָל אימ העלפנ. מע דאַרפ סאַמאָקאָלסאָפּ א קוק טאָנ, אַפ וויפל ער איז אַרומגעפרוירנ אונ מע דאַרפ אימ פאַנאַנדערייַבנ מיט שניי. מע שלעפּט אַראָפּ פונ מיכייַלאָנ די וואַליקעס. די פיס זייַנענ נישקאָשע, ניט שטאַרק דערפרוירנ, מע קאָנ זיי אָפּרייַבנ אונ דערוואַרעמענ. דאָס מיידל טראָגט אַרייַנ א שיסל שניי, זי רייַבט פאַנאַנדער איינ פוס, ליאָניע — דעמ צווייטנ. מיכייַלאָ קרעכצט, וואַרפט זיכ. מע שלעפּט פונ אימ אַראָפּ דעמ כאַלאַט. יאָ, אינ די עלנבויגנס אונ אַרומ די אַקסל איז ער אויכ פאַרפרוירנ. ווידער רייַבט מענ אימ מיט שניי — ליאָניע אונ פאָרכאָוו, מע רייַבט מיט

אַלע קויכעס. דאָס מיידל טראָגט שנײ אינ טעלערלעכ, אונ זי צערײַבנ דעמ שנײ אפ מיכײַלאָס דארנ לײַב. איצט דארפ מענ אימ אײַנדעקנ אונ דערוואַרעמענ. נאָר אז ס'איז אינ שטוב קאַלט, ווי אינ דרויסנ!

מע שאַרט צונויפ די גאַנצע שטרוי אונ מע מאַכט פאַר מיכײַלאָנ א געלעגער. מע שפּרייט אויס די פּלאַשטש-פּאַלאַטקע צונ טשיקאָלדעס פּעלצ. מע לייגט אוועק מיכײַלאָנ אונ מע דעקט אימ אײַנ מיט זײַנ פּעלצ אונ מיט פאַרכאָווס פּעלצ אונ מיט אַלע שמאַטעס, וואָס זײַנענ דאָ אינ שטוב, נאָר ער קאָנ זיכ ניט דערוואַרעמענ. דער קערפּער זײַנער האָט ווי פאַרלוירנ די גאַנצע וואַרעמקײַט, אונ ס'איז שוינ ניטאָ אינ אימ קיינ קראַפט אפ זיכ דערוואַרעמענ. ס'קומט אַרײַנ דער אַלטער — ער האָט פאַרדעקט די לאָכ אינ סטעליע — ער טוט אויס אויכ זײַנ לײַבל אונ וואַרפט עס אַרופ אפ מיכײַלאָנ, אונ יענער טרייסלט זיכ, ס'וואַרפט אימ, ווי אינ א קאַדאָכעס, ווי דער פראָסט זאָל זיכ האָבנ אײַנגעקלאַמערט מיט צוואַנגענ אינ זײַנ דארנ קערפּער אונ וויל ניט אָפּלאָזנ אימ. ער וויעט אזוש, ביבײַלאָ לונ, דער געלער, דער שווײַגער, וואָס ווהינ מע זאָל אימ ניט שיקנ, פלעגט ער גיינ אָנ איינ וואָרט, מאַכט איצט אַנ אזא טומל...

פאַרכאָוו ציט די וואָנצעס אפ אַראָפ. טשיקאָלדא קנײַפּט ווידער די ליימ פונ ציגל, נאָר ער טראַכט שוינ עפּעס ניט פונעמ מיידל. מיטאַמאָל האָט דאָס מיידל געגעבנ א טרעט אַרויס אינמיטנ צימער, א גלאַנצ געטאָנ מיט אירע גרינע אויגנ, געגעבנ א נעמ-אַראָפּ פונ זיכ דאָס געפלאָכטענע היטעלע אונ עס פאַרוואָרפנ אינ א זײַט, עפּעס אזוי, מיט ביטל א קרימ געטאָנ די ליפּנ אונ געזאָגט:

— וואָס זשע קוקט איר, עכ, א כאַוווער קומט אומ!.. — אונ זי האָט איינס אונ צוויי אַראָפּגעשלעפּט פונ זיכ די וואָליקעס, אַראָפּגעוואָרפנ דעמ מאַנטל אונ מיט איינ קער אַראָפּגעצויגנ פונ זיכ איבערנ קאָפּ דעמ רויטנ וואָלענעמ דזשעמפּער. זי איז שטיינ געבליבנ אינ איינ העמד אונ קליידל, א ניורע געטאָנ זיכ פאַר קעלט, שטרענג א קוק געטאָנ אפ די אַלטע טאַטע-מאַמע, וואָס זײַנענ געשטאַנענ דאָ בא דער זײַט, אונ איז פלינק אַרונטער צו מיכײַלאָנ אונטער די שמאַטעס. מע האָט געזענ, ווי זי האָט זײַנ געלנ קאָפּ אַרומגענומענ מיט די נאַקעטע הענט, צוגעדריקט אימ צו זיכ, זי האָט זיכ אינגאַנצנ צוגערוקט צו אימ, זי האָט אימ מיט די פיס אַרומגענומענ, זי האָט אימ עפּעס געשעפּטשעט.

פאַרכאָוו איז געשטאַנענ א שטרענגער, א שוואַרצער, א הויכער מיט אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס אינמיטנ צימער. ער האָט זיכ אָפּגעקערט אונ גענומענ קוקנ דורכ דער גאַנצ-געבליבענער האַלבער שויב אינדרויסנ אַרויס. בא טשיקאָלדענ האָט א פאַרב אַרויסגעשלאָגנ אפּנ יונגנ געזיכט,

ער האָט צונויפגעדריקט די ליפּן, געאָטעמט אָפּט, דורך דער נאָז. דער אלטער און די אלטיטשקע זיינען געשטאנען בא דער טיר און זיך ניט געוואגט קיין ריר טאָן. מיכײלאָ האָט אלץ ווייניקער געציטערט, אלץ שטילער געקלאפּט מיט די ציין, אלץ זעלטענער געקרעכצט. דאָס מיידל האָט שטארק זיך צוגעדריקט צו אים, פון אונטערן פעלץ האָבן זיך געזען אירע שווארצע האָר, א רויטע, פלאמענדיקע באק און א צארטע, ווייסע האנט, וואָס האָט לייכט געגלעט מיכײלאָס געלע פאטלעס. דערנאָך איז מיכײלאָ אינגאנצן אנטשוויגן געוואָרן. ס'איז שטיל געוואָרן אין צימער. די אלטיטשקע האָט זיך אָנגעבויגן אופהייבן דעם דזשעמפּער און דעם מאנטל, וואָס האָבן זיך געוואלגערט אפן דיל. דאן האָט דאָס מיידל פאמעלעכן אופגעהויבן דעם קאָפּ פון'עם שטרוי, צוגעטראָגן א פינגער צו די ליפּן און געזאָגט:

— ער שלאָפט...

דערנאָך האָט זי מיט דעם זעלבן פינגער באוויזן דער מוטער, זי זאָל איר דערלאנגען די קליידער, זי וועט זיך אָנטאָן. זי האָט פאָרזיכטיק גענומען ארויסקריכן פון אונטערן פעלץ...

# סופרונ

דער יִשעוו איז געוועז א שאכטיאָרישער. פונוויַטנס, אינעם בלויענ קאַיאָר, האָט זיכ נאָענט צום וועג געזענ א טונקעלער טעריקאָנ, דאָרט האָט מענ אפילע געקאָנט אונטערשיידנ דעם קאָפּיאָר פונויבנ, עטלעכע איבערגעקערטע וואגאָנעטקעס, וואָס זיַנענ ביזנ שפּיצ ניט דערפאָרנ. די שאכטע-טורעמס זיַנענ געוועזנ צערוּינירט אונ דאָס האָט ארויסגערופנ א ווייטעק. דער בריק, וואָס האָט פארייניקט ביידע טורעמס, איז אינדערלופטנ הענגענ געבליבנ אנ איבערגעריסענער אינ דער מיט, ווי צוויי אויסגעשטרעקטע הענט, וואָס קאָנענ זיכ ניט דערלאנגענ; ס'האָט זיכ געשווארצט עפּעס א הויכע געביַידע אָנ א דאכ מיט טונקעלע לעכער פונ ארויסגעזעצטע פענצטער... וויַטער איז געוועזנ דער יִשעוו, נאָר דער טונקעלער טעריקאָנ האָט ווי אומיסטנ זיכ אנטקעגנגעשטעלט אפּ פארשטעלנ אימ. אונ אהער, אינ פעלד, בא דער איַיזנבאנ, וואָס איז באדעקט מיט קוילנ-שטויב, האָבנ זיכ געפונענ בלויז עטלעכע צענדליק קליינע היַיזקעס — דער ראנד פונעם יִשעוו, — דערצו זיַינענ זיי נאָכ געשטאנענ אינ א טאָל אונ מ'האָט געקאָנט זענ בלויז די דעכער. אפּ איייניקע היַיזער האָבנ בלויז געסטארטשעט שווארצע, הוילע קוימענס — די דעכער זיַינענ ארונטערגעטראָגנ, אונ דאָס האָט נאָכ מער פארשטארקט דעמ אומרו אונ דעמ ווייטעק. אונ דאָס אויג האָט געוואָלט אָפּרוקנ א ביסל פונ וועג דעמ דאָזיקנ טעריקאָנ, מע זאָל קאָנענ א קוק טאָנ, וואָס ז'שע טוט זיכ טאקע דאָרט אינ יִשעוו, ווי זעט ער אויס אונ צי זיַינענ דאָרט פארבליבנ לעבעדיקע.

פארטאָג איז דער באטאליאָנ דערגאנגענ ביז אהער, ביזנ איַיזנבאנאָנשיט. דאָ האָט די איַיזנבאנ פארקערעוועט צו מיַירעוו אונ גליַיכ דורכנ אָפענעמ פיַיער ארײַנגעשניטנ זיכ אינ יִשעוו. ס'איז געוועזנ א קנאפּע צוויי ווערסט אהינ. נאָר די דאָזיקע צוויי ווערסט האָט מענ ניט באוויזנ מאכנ. דער סוינע, וואָס האָט נעכטנ זיכ אָפּגעקיַיקלט אָט אהער, האָט דאָ אינ יִשעוו זיכ פארפעסטיקט אונ באגאָסנ דאָס פעלד ביזנ אָנשיט מיט א שטארקנ פיַיער. דער באטאליאָנ איז דערגאנגענ ביזנ אָנשיט אונ האָט דאָ געמוזט זיכ פארהאלטנ. פיל שלאכטליַיט האָבנ גראָד

דאָ אין יִשעוו געהאט זייערע קרוויווים. דער באַטאַליאָן איז געווען א שאַכטיאָרישער, און טאַקע פונעם היגן ראַיאָן. טאַקע דאָ ניט לאַנג, ווען מע איז אָפּגעטראָטן פונדאַנען, האָבן די שאַכטיאָרן זיך אַריַינגעגאָסן אין טייל. דאָ האָט יעדעס דערפל, יעדער יִשעוו, יעדע שאַכטע געהאַט אירע ברידער, אירע פאָטערס, אירע זין.

די שלאַכטלײַט זײַנען געלעגן הינטערן אײַזנבאַן-אָנשיט, וואָס איז באַדעקט געווען מיט קוילן-הרודעס און מיט דאַרן בוריאַן; זיי האָבן זיך געגרייט צו אַן אַנטשלאָסענער אַטאַקע אַפן יִשעוו. מע וועט זיך א וואָרף טאָן אָט אַזוי מיט די באַגנעטן אַפן פאָרויס און ווער סע וועט דערגיין, וועט דערגיין.

דער קאָמבאַט איז געווען ניט קיין היגער, א הויכער, א ברוינער, מיט שווארצע וואָנצעס, פון ערגעץ אַהינטער קיִעוו איז ער געווען. ער האָט שוין אין באַטאַליאָן געהאַט פיל פאַרשיידענע מענטשן, און איצט האָט ער געהאַט שאַכטיאָרן. צו אים זײַנען זיי געקומען אין שווארצע ספּעצאָווקעס, באַדעקטע מיט קוילן-שטויב, אייניקע אַפילע אין גומענע שטיוול און אין שאַכטיאָרן-היט. ער האָט זיי איבערגעטאָן אין גרויע שינעלן, באַוויזן זיי, ווי אַזוי פאַרציִען דעם פאַסיק, אַז עס זאָלן זיך אַפּ אים האַלטן אי די פאַטראָנטאַשן, אי די גראַנאַטעס, אי דאָס קעסטעלע; ער האָט זיי צוגעלערנט שיסן. נאָר איצט, ווען ער האָט געקוקט אַפּ זיי, האָט ער זיי געזען פאַר זיך פונקט אַזעלכע, ווי זיי זײַנען צו אים געקומען, — שווארצע, פאַרקוילטע שאַכטיאָרן, וואָס קאָנען די ערד צע-רויען, מיט די קײַלעס דורכלייגן זיך א וועג.

דער קאָמבאַט האָט געוואַרט. ער האָט מיטאַמאָל מיט אַזא ביטער-קײַט דערפילט, ווי שטאַרק ער וואָלט וועלן, אַז זיי זאָלן אַלע דערגיין ביז דעם דאָזיקן יִשעוו ליסאָגאָרקא, און ווײַטער — לעסיטשאָוואָ, ראַזביט-נאָיע, בוראָיע, די דאָזיקע קלענערע און גרעסערע שאַכטיאָרישע יִישו-ווים, פונוואַנען זיי זײַנען געקומען צו אים. ער אַליין איז אַזוי ווײַט פון זײַן היים, ער ווייסט שוין אַזוי לאַנג ניט, וואָס דאָרטן טוט זיך, ער האָט אַפילע מוירע טראַכטן וועגן דעם. און דאָ זײַנען מענטשן — א שפּאַן פון דער היים, דאָס, וועגן וואָס א יעדערער טרוימט, איז בא זיי שוין אונטער דער האַנט, איין שפּרונג — און מע איז דאָרט...

דער קאָמבאַט האָט באַמערקט אין ווינאָקל עפּעס א באַוועגונג אַרום דעם טעריקאָן. ער האָט זיך שוין געפונען פאַרן טרײַבל פונעם טעלע-פאָן אַפּ איבערצוגעבן דער מינענוואַרפער-באַטאַריי, מע זאָל אַהין א שאָס טאָן א פּאָר מינעס. נאָר ער האָט זיך פאַרהאַלטן. עפּעס א ווײַ־סעס האָט דאָרט זיך געמינעט לעבן טעריקאָן. ס'איז ניט ענלעך געווען צו דער באַקאַנטער באַוועגונג פון די גרוילעך-בלויע פיגורלעך פון דײַ-

טשישע סאָלדאטן. דעם קאָמבאטס פּאָנעם האָט זיך אָנגעכמורעט, פארשארפט. ער האָט זיך ארופגערוקט מיט די עלנבויגנס עטוואָס העכער צום ראנד פונעם אָנשיט, אָנגעשפארט זיך אין א הרודע שטיינקוילן און ווײַטער געקוקט אין בינאָקל. יאָ, דאָרט האָבן אײַליק זיך באוועגט מענטשן, אָט האָט מען שוין געקאָנט אונטערשיידן ווײַסע טיכלעך, בלויע און רויטע קליידלעך, פידזשאקעס... מע איז געגאנגען אהער, צום אָנשיט, אין ניט קיין גלײַכער, ברייטער קייט...

צום קאָמבאט האָט צוגעפויזעט דער קאָמיסאר. איצט האָט מען שוין מיט ניט קיין באוואָפנטן אויג געקאָנט זען, אז עס גייען אהער פרויען מיט קינדער אף די הענט, מאנצבלען. מע האָט זיך באוועגט גלײַך מיטן פעלד, אנדערע זײַנען געגאנגען איבערן אײַזנבאן. איבער דער קייט רויטארמייער האָט זיך דורכגעטראָגן א שעפּטשען. דאָס שעפּטשען איז געוואָרן שטארקער און עמעץ האָט הילכיק, ביטער זיך אויסגעזידלט. מענטשן האָבן אופגעהויבן די ביקסן, נאָר באלד זיי אראָפּגעלאָזט צוריק, פעסט צונויפגעדריקט זיי אין די הענט. אייניקע האָבן זיך א ריס געטאָן פונעם אָרט, נאָר באלד ווידער זיך אוועקגעלייגט, צוריקגעהאלטן פון א שאָכן. ס'איז שטיל געוואָרן. אלע האָבן אָנגעשטרענגט געקוקט, ווי דער האמוין דערנעענטערט זיך. דער מויעך האָט פיבערדיק געזוכט פארענטפערונגען — דאָס אנטלויפן פון יִשעוו די אײַנוווינער, און די דײַטשן ווען זיי באלד נאָכשיסן; דאָס האָבן די אײַנוווינער זיך דערוווּסט, אז די רויטע זײַנען הינטערן יִשעוו, און זיי לויפן אהער, מע דארף זיי ארויס אנטקעגן. נאָר די שלאכטלײַט האָבן געוווּסט, אז מע נארט זיך אליין. און דאָך איז מען געווען הילפלאָז. די רגעס זײַנען געגאנגען, א מינוט און נאָך א מינוט, מע האָט גוט געזען, ווי די פרויען גייען, כפּאָטיקען זיך, ווי די קינדער דריקן זיך צו די מוטערס קליידלעך, ווי אלטע לײַט, אלטע שאכטיאָרן גייען געהויקערט, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ. אזוי ווי געבונדענע זײַנען דאָרט די מענטשן געגאנגען; הינטער זיי האָבן אין א גרויער קייט, גאנווענדיק זיך, איבערלויפנדיק, זיך געשלײַכט די דײַטשן...

דער קאָמבאט האָט געשוויגן. א הויכער, א שווארצער, האָט ער אלץ געקוקט אין בינאָקל, כאָטש מע האָט שוין גוט געזען אָן דעם. דער קאָמיסאר האָט אויך געשוויגן. זײַן פּאָנעם איז געווען צעקרימט פון ווייטעק, די גרויע אויגן האָבן זיך אויסגעגלאָצט, די קין — פארשפּיצט. ס'איז געבליבן איינס — אָדער אָפּקײַקלען זיך צוריק, אָדער צולאָזן די דײַטשן ביז אהער און זיך ארופוואַרפן אף זיי מיט די באגנעטן.

פלוצעם האָט איבערן אָנשיט זיך א ריס געטאָן איין רויטארמייער. ער האָט קעציש א שפרונג געטאָן עטלעכע שפאן אף אלע פיר און

אַראָפּגעקײַקלט זיך אין די קוסטעס פֿון יענער זײַט. דערנאָך האָט מען געזען, ווי ער לויפֿט, גאַנווענענדיק זיך אין פֿאַרטריקנטע פֿיריי, טוט אַ פֿאַל און נעמט פּויזען, צוגעדריקט צו דער ערד. אין אָט די אָנגעשטרענגטע מינוטן האָבן ניט אַלע באַמערקט, ווען דער רויטאַרמייער איז איבערגעשפּרונגען דעם אָנשיט, מע האָט אים שוין דערזען פּויזען. ניט אַלע האָבן רעכט פֿאַרשטאַנען זײַן פֿאַרטראַכט. מע האָט נאָר געזען, אַז דער מענטש פּויזעט פֿאַראַקשנט פֿאָרויס, ער פּויזעט אײַליק, ווענדט זיך אָפּ אַפּ רעכטס, און מע האָט מיט פֿאַרשטאָרבענע הערצער, מיט אָפּגעשטעלטע אויגן אים גענומען נאָכקוקן. דער דאָזיקער פּויזענדיקער מענטש אין אָפּענעם פֿעלד האָט אַ האָפֿענונג דערוועקט. דער קאָמבאַט האָט אויך געקוקט אַהין, מיט דער אונטערשטער ליפּ האָט ער זיך געפֿלײַסט פֿאַרכאַפּן די צעשויבערטע האָר פֿון די וואָנצעס, ער האָט אוועקגעלייגט די האַנט דעם קאָמיסאַר אַפֿן אַקסל. יענער האָט זיך צוגערוקט צו אים, טראָפּנדלעך שווייס זײַנען אַרויסגעטראָטן אַף זײַן שטערן.

די דײַטשישע מינען-באַטאַריי האָט געעפֿנט אַ פֿײַער איבערן אָנשיט. די מינעס האָבן זיך געריסן פֿאָרויס און אַהינטער. די שלאַכטלײַט האָבן אינסטינקטיוו זיך צוגעדריקט צו דער ערד, נאָר קיינער האָט זיך פֿון אָרט ניט גערירט, קיינער האָט איצט וועגן דער געפֿאַר ניט געדענקט. דאָרט פֿאָרויס זײַנען די פֿרויען, קינדער און אַלטע לײַט שטיין געבליבן אין צעמישונג, נאָר מע האָט געזען, ווי די דײַטשן דראָען זיי מיט די אווטאָמאַטן, און דער האַמוין האָט ווידער זיך געלאָזט פֿאָרויס. שווער, וואַקלענדיק זיך, מאַכנדיק מיט די הענט, זײַנען די מענטשן געגאַנגען, ווי זיי זאָלן די ערד נאָכשלעפּן נאָך זיך. זײַלן ערד האָבן זיך געריסן אַרום אָנשיט, אַף די שפּאַלעס, פֿאַרשאָטן די שלאַכטלײַט מיט שטויב, מיט זאַמד, מיט שטיקלעך קויל. דער קאָמבאַט האָט אויסגעשפּיגן עטלעכע מאָל — אַ ביסל ערד האָט אים געטראָפֿן גלײַך אין מויל. ער האָט נאָכגעשפּירט נאָכן אייניציקן שלאַכטמאַן.

דער רויטאַרמייער האָט צוגעפּויזעט צו אַ זײַטיק בערגל אַ דרײַ הונדערט שפּאַן פֿאָרויס און איז דאָרט ליגן געבליבן. דער האַמוין איז אַלץ געגאַנגען. וואָס נעענטער צום אָנשיט, האָט מען זיך מער צונויפֿגעשלאָגן צוזאַמען, פֿון הינטן זײַנען געגאַנגען די דײַטשן. די מענגע פֿרויען, קינדער און אַלטע לײַט האָבן פּונקט זיך אויסגעגלײַכט מיטן זײַטיקן בערגל. די, וואָס האָבן זיך געפֿונען הינטערן אָנשיט, האָבן שוין גוט געזען זייערע בלאַסע, פֿאַרגליווערטע געזיכטער, די צעפּענע מײַלער, מע האָט געזען, ווי עפּעס אַ קינד האָט פֿאַרצאַפּלט אַרומגעכאַפּט דער מוטערס האַלדז, ווי עפּעס אַן אַלטער מאַן האָט געפֿירט אונטער דער האַנט אַ זקנה, וואָס האָט זיך קוים געשלעפּט; איין פֿרוי האָט גע-

שפּאַנט מיט צעשפּרייטע הענט, ווי זי זאָל זיך קלײַבן באַלד א שפּרונג טאָן אין וואַסער, מע האָט, דוכט זיך, געזען איר מעשוגע־אויסגעגלאָצטע אויגן. עמעץ אין דער קייט האָט שוין דערקענט זײַנע אייגענע. און דאָ האָט דער איינציקער רויטאַרמייער מיטאַמאָל געעפנט א שטאַרקע קוילנוואַרפער־שיסערײַ איבער די דײַטשן, וואָס זײַנען געגאַנגען פון הינטן. א שרעקלעך געשריי האָט זיך אויסגעמישט מיטן פלוצעמדיקן שטעפּן פונעם קוילנוואַרפער. דאָרט, אַפ דער אײַזנבאַן, און אונטן, אין פעלד, איז געוואָרן א גוואַלדיקע שטופּעניש, די מענטשן האָבן א רעגע ניט געוווּסט, וווּהין לויפן, און פלוצעם זיך א ריס געטאָן פאָרויס, צום אָנשיט. די דײַטשן האָבן זיך אויך אהין א וואָרף געטאָן, נאָר א שטאַרקער פייער־שטראָם פונעם קוילנוואַרפער האָט זיי, ווי מיט א פאַס, אָפּגעשניטן דעם וועג. מיט קורצע, טרעפלעכע שאָסן־רייען האָט דער רויטאַרמייער אָנגעיאָגט די גרופּקעס דײַטשן, וואָס האָבן זיך אין פּאַניק צעזייט איבערן פעלד. די דײַטשישע מינען־באַטאַריי האָט געעפנט א פייער איבערן בערגל. עטלעכע שטאַרקע זײַלן פייער האָבן זיך דאָרט אופגעהויבן, נאָר ס'איז אפילע קיין צײַט ניט געווען א קוק טאָן אהין. די שלאַכטלײַט, פאָרויס מיטן קאָמבאַט און מיטן קאָמיסאַר, האָבן זיך געגעבן א ריס אַרויס פון הינטערן אָנשיט, אומעטום אָנגעיאָגט די צעטומלטע דײַטשן, געשטאָכן זיי מיט די באַגנעטן, באַשאָסן מיט קוילן. די רויטע מינען־באַטאַריי האָט אַרויסגעלאָזט עטלעכע זאַלפן איבערן טעריקאָן, ווו דעם סוינס מינענוואַרפער זײַנען געווען, און אײַנגעשטילט זיי. מע האָט זיך אַרײַנגעריסן אין יִשעוו.

רוי, פריש, ווי אַן אָפּגעדעקטע ווונד, איז אַלץ געווען אין יִשעוו, נאָר דאָס בייז איז שוין פאַרבײַ. פאַרקוילטע רוינען האָבן זיך געדרויכערט, אַפ דער גאַס האָבן זיך געוואַלגערט טויטע פערד, צעבראָכענע וועגענער, צעהאַקטע מאָטאָציקלען. איבער דעם אַלעמען האָט מען געטראָטן, גלײַכגילטיק פאַרבײַגעגאַנגען. ערגעץ גאָר נאָענט האָט געקנאַלט אַרטילעריע, נאָר דאָס האָט שוין אויסגעדוכט ווײַט. דער קאָמבאַט האָט זיך אָפּגעשטעלט בא א גאַנץ געבליבן שטיבל, ער האָט געקוקט א ווײַלע אַפ די אײַנוווינער, וואָס האָבן מענגעסווײַז זיך אומגעקערט אין יִשעוו, צווישן זיי זײַנען אייניקע רויטאַרמייער געגאַנגען מיט קינדער אַפ די הענט, פּרויען מיט גליקלעכע, פאַרווייִנטע אויגן האָבן זיך צו זיי געדריקט. א מאָדנער ציטער איז אַדורך איבער דעם קאָמבאַטס שטרענג פאַרווינטיקט פּאָנעם, א צאַרטקײַט האָט זיך אַפ דעם דערוועקט, די אויגן האָבן א פלאַם געטאָן.

— קאָמיסאַר, — האָט ער געזאָגט, — ווער איז געווען יענער רויטאַרמייער, וואָס האָט דערפּויזעט צום בערגל?

— כ׳האָב שוין אויך געטראכט, אז מע האָט געדארפט זיך דער־וויסן... — האָט שטיל געזאָגט דער קאָמיסאר. — קיינער ווייסט ניט... איך בין געוועזן אפ יענעם בערגל, ס׳איז דורכויס באדעקט מיט גריבער פון מינעס, און ס׳איז מיר געלונגען דאָרט געפינען בלויז אָט־אָ־דאָס... — ער האָט דערלאנגט דעם קאָמבאט אן אליומין קעסעלע, וואָס איז געווען צע־בויגן און דורכויס צעלעכערט פון שפּליטערס. בא דער זייט איז דאָרט מיט עפּעס א שארפער זאך געווען אויסגעקריצט מיט קרומע אויסיעס: „סופ־רונ״...

— עפּעס געדענק איך ניט אזא פאמיליע... — האָט דער קאָמבאט שטיל געזאָגט.

— ס׳איז עמעצ פון די נייע... ס׳איז נעכטן אָנגעקומען א גרופּע נייע, און מיר האָבן זיך נאָך ניט באוויזן באקענען...

דער קאָמבאט האָט געהאלטן דאָס קעסעלע אין די הענט, געקוקט אפ דעם מיט ברייט־צעעפנטע אויגן, אין וועלכע ס׳האָט א פייכטקייט א גלאנצ געטאָן. ער האָט צוגעטראָגן דאָס דאָזיקע צעבויגענע, צעקרישע־טע שטיקל אליומין צום פּאָנעם און זיך צוגעלייגט צו דעם מיט די ליפּן...

# דאָס פערטע בערגל

סאוושענקאָ האָט מיר באוויזנ פיר
בערגלעכ...

(פונ מײַנ טאָגבוכ).

די שלאכט האָט לאנג ניט געדויערט. דאָס הײַפל שלאכטלײַט, וואָס איז בלויז פארבליבנ אלס אריערגארד-טייל, האָט לאנג ניט געקאָנט אײַנ-האלטנ דאָס דערפל אפ דער זײַט טײַכ און זיכ געמוזט אריבערפעקלענ אפנ אנדערנ ברעג. דרײַ כאווײרימ זײַנענ געפאלנ. און ווי טײַער ס׳איז ניט געווענ יעדע מינוט, איז דאָכ באשלאָסנ געוואָרנ ברענגענ זיי צו קווורע, קעדיי דער דײַטש זאָל זיכ איבער די טויטע ניט איזדיע-קעווענ. אינ פײַכטנ זאמד, ניט ווײַט פונ ברעג, אונטער די הויכע סאָס-נעס פונעמ דאָרפ-פארק, וואָס איז געשטאנענ הארבסטיק-שטיל און ווי אײַנגעהערט זיכ מיט יעדעס צווײַגעלע אינעמ פײַפ פונ די קוילנ, האָט מענ אפגיכ אויסגעגראָבנ דרײַ גריבער. מע האָט קיינ רעדעס ניט גע-האלטנ. שווײַגנדיק, מיט טרוקענעמ האס אינ די אויגנ, האָט מענ גע-שווירנ זיכ אומקערנ צוריק און באצאָלנ פאר אלצ; מע האָט קיינ סאליוט-שאָסנ ניט געגעבנ — די קוילנ האָט מענ געצילט אינ די טונקעלע פיגורלעכ פונ די איבערלויפנדיקע דײַטשנ, וועלכע האָבנ זיכ שוינ בא-וויזנ אפ די ברענענדיקע גאסנ פונעמ דערפל. בלויז איינער א שלאכט-מאנ האָט, קאָלזמאנ מע האָט געגראָבנ די קוואָרימ, אָפגעשניטנ דרײַ לאנגע שטיקלעכ קאָרע פונ א סאָסנע, אפ דער גלאטער זײַט פונויבנ האָט ער מיט א בלײַער אָנגעמאָלט דרײַ שטערנדלעכ, אונטער יעדערנ פונ זיי אָנגעשריבנ די נעמענ פונ די געפאלענע און ארײַנגעשטעקט די קאָרע אינ די בערגלעכ.

דעמ זעלבנ פארנאכט האָבנ די דײַטשנ ניט געוואגט דערנעענטערנ זיכ צומ ברעג, צומ סאָסנע-פארק, צו די דרײַ בערגלעכ. זיי זײַנענ אהער געקומענ ערשט אפ מאָרגנ. זיי האָבנ ארויסגעשלעפט פונ זאמד די דרײַ שטיקער קאָרע מיט די אופשריפטנ און זיי פארוואָרפנ ווײַט אינ טײַכ ארײַנ; זיי זײַנענ מיט די שווערע שטיוול ארופגעטראָטנ אפ די בערגלעכ און אײַנגעטאָפטשעט זיי, פארגלײַכט מיט דער ערד. ערשט דאנ האָבנ זיי זיכ בארויקט און זײַנענ אוועק אינ דאָרפ.

נאָר אפ מאָרגנ האָבנ זיכ ווידער אופגעהויבנ די דרײַ בערגלעכ צווישנ די טונקעלע סאָסנעס, דער זאמד איז דאָרט געווענ פריש אָנגעשאָטנ, אונ דורכ ברעטלעכ, מיט שטערנדלעכ פונויבנ, האָבנ דערציילט, ווער ס'איז דאָ געבראכט געוואָרנ צו קווורע. דער טײַכ האָט שטיל געטראָגנ זײַנע ווענע פארבײַ דעמ ברעג, ווי זיי זאָלנ דעמ סאָד פארטײַענ, ווי זיי זאָלנ דעמ סאָד מיטראָגנ מיט זיכ. אונ הארבסטיקע טראָפנס זײַנענ געפאלנ פונ דער הייכ, פונ די שווארצע סאָסנע-קרוינענ, טרויעריק אונ מיט א פארבאָרגענער אקשאָנעס.

די דײַטשנ האָבנ ווידעראמאָל צעבראָכנ אפ פיצ-פיצלעכ די ברעטלעכ מיט די אופשריפטנ, געמאכט א טשאדענדיק שײַטערל פונ די שפענדלעכ, אונ ווידער אײַנגעטאָפטשעט די דרײַ בערגלעכ אינעמ זאמד. א לאנגע צײַט איז נאָכ דאָ פארבליבנ א וואכמאנ צווישנ די סאָסנעס, דערנאָכ איז ער פארשווונדנ, נאָר ס'איז קיינ זיכערקײַט ניט געווענ, אז עמעצ טשאטעוועט דאָ ניט, אינ שטילנ פארק...

די בערגלעכ זײַנענ אָבער ניט לאנג פארבליבנ אײַנגעטאָפטשעט. ווידער האָט זיי עמעצער, איינ איינער א כוישעכדיקער, רעגנדיקער הארבסט-נאכט ווי אופגעהויבנ פונ דער ערד. קיינ אופשריפטנ האָבנ זיכ מער ניט באוויזנ, נאָר פרישע סאָסנע-צווײַגנ זײַנענ געלעגנ אפ יעדנ קייווער.

דאָס מאָל האָבנ די דײַטשנ בלויז פארשלעפט טיפער אינ פארק די טאָסנע-צווײַגנ פונ די בערגלעכ, אָבער די בערגלעכ גופע האָבנ זיי מער ניט אײַנגעטאָפטשעט. אונ אזוי איז עס פארבליבנ — דרײַ בערגלעכ אינ פוסטנ סאָסנע-פארק, שטומע בערגלעכ, וואָס האָבנ א לעבעדיקע קראפט אינ זיכ. דער פראָסט האָט זיי פארשמידט, א שניי איז ארויסגעפאלנ, נאָר זיי האָבנ געשטארצט איבערנ שניי-דעק.

די אײַנוווינער פונעמ דערפל פלעגנ כאָטש פונ דער זײַט, כאָטש פונוויײַטנס, זיכ באווײַזנ ארומ די דרײַ בערגלעכ, קעדיי איינ בליק טאָנ אהינ מיט האָפענונג אונ טרויער, אונ מע האָט שוינ ווי-ניט-איז געפונענ א סיבע אפ אראָפנעמענ אומבאמערקט דאָס היטל, קלוימערשט דעמ שווייס אָפווישנ פונ שטערנ, כאָטש ס'איז פראָסטיק געווענ. דער דײַטשישער וואכמאנ, וואָס פלעגט מיט געמאָסטענע טריט שפרײַזנ איבער דעמ עק גאס פונעמ דערפל, האָט געדארפט אלע מאָל ווארפנ א בליק אהער — דאָס איז פעסט ארײַנגעגאנגענ אינ זײַנע פליכטנ.

פרילינג האָבנ פייגעלעכ זיכ צעזונגענ אינעמ סאָסנע-פארק, נאָר קיינ מיידלשע פריילעכע שטימענ האָבנ זיי אינ די אָוונטנ ניט אָפגעענטפערט, קיינער האָט זיכ צווישנ די סאָסנעס ניט באוויזנ, קיינער איז באָדנ זיכ ניט געקומענ אינ טײַכל, אלצ איז געווענ פארגליווערט אונ ווי אויסגע-

שטאָרבנ. נאָר אינ איינעמ אנ אינדערפרי האָבנ בלומענ זיכ באוויזנ אפ די דרײַ בערגלעכ — געלע אונ רויטע, בלויע אונ ווײַסע וואלד-בלומענ, ס׳איז מיט זיי באשאָטנ געווענ דער צוגעשלאָגענער זאמד. יענעמ טאָג האָבנ די בערגלעכ ווי געלעבט, ווי געאָטעמט קעגנ דער זונ. פונדערווײַטנס האָט זיכ שוינ דערטראָגנ א קאנאָנאדע פונ אונדזערע זיכ דערנעענטערנדיקע טיילנ, אונ די בערגלעכ מיט די לעבעדיקע בלומענ האָבנ ווי אופגעוואכט אונ זיכ פארפוצט צוליב דער דאָזיקער נײַס.

באנאכט האָבנ די דײַטשנ אראָפגענומענ אלע בלומענ פונ די בערגלעכ, אָבער די קאנאָנאדע האָט אינדערפרי זיכ דערהערט נעענטער, בוילעטער, אלצ אָפטער אונ אָפטער איז געקומענ דאָס דונערנ פונ דער ווײַט. מע האָט אינ די אָוונטנ שוינ געזענ די הארמאטנ-בליצנ. פונ יענער זײַט טײַכ האָבנ זיכ א וואלגער געטאָנ דײַטשנ, זיי זײַנענ געווענ פארלוירנ, צעטומלט, געדרישט עפעס, געהאוועט ארומ דעמ דערפל, ס׳איז געוואָרנ א געדראנג פונ פורלעכ אונ מאשינעס, זיי האָבנ זיכ א ציגעטאָנ מיט די וועגנ ארומ. די באפעלקערונג פונעמ דערפל האָט געמוזט זיכ אויסבאהאלטנ אינ די קעלערס, אינ די גריבער, וואָס מע האָט אויסגעגראָבנ אינ די גערטנער, מע האָט מוירע געהאט זיכ ווײַזנ די דײַטשנ פאר די אויגנ, אונ מע האָט מיט פארשטאָרבענע הערצער, מיט פארצווייפלטנ אומגעדולד אונ ציטעריקער פרייד זיכ אײַנגעהערט, ווי די ערד דונערט פונ הארמאטנ-אופרײַסנ אונ פונ דער שיסערײַ. אונ דאָכ, ווי מע האָט ניט געוואגט דעמ קאָפ ארויסשטעקנ העכער פונ דער גרוב, וווהינ מע האָט זיכ פארבאהאלטנ, באווײַזנ זיכ פונעמ קעלער, ווו מע האָט זיכ פארטײַעט, האָט דאָכ עמעצ באמערקט, אז באנאנד מיט די דרײַ קוואָרימ-בערגלעכ האָט זיכ באוויזנ א פערטס, וואָס מע ווייסט ניט, וועמענ עס געהער... ס׳האָבנ זיכ שוינ געריסנ סנאריאדנ אפ דער-זײַט טײַכ, ס׳האָבנ געפײַפט מינעס, מענטשנ האָבנ פארגליווערטע, דערשלאָגענע געווארט אפ דער באפרײַונג. ווי א גרויזאמער אָנזאָג פונ דער דאָזיקער גיכער באפרײַונג איז געווענ דאָס פערטע בערגל, וואָס האָט זיכ באוויזנ באנאנד מיט די דרײַ. עפעס איז עס בלוטיק-טײַער געוואָרנ אלעמענ, ווײַל מ׳האָט ניט געוווסט, וועמענ עס געהער, אונ מ׳האָט גערעדט וועגנ דעמ מיט צאר אונ מיט האָפענונג. ס׳האָבנ זיכ אפילע געפונענ אזעלכע, וואָס האָבנ, ריזיקירנדיק אָנטרעפנ אפ א דײַטשישער קויל, דערקליבנ זיכ צומ ראנד דאָרפ, צומ סאָסנע-פארק, קעדיי אליינ א קוק טאָנ אפנ פערטנ בערגל...

די רויטע טיילנ זײַנענ ארײַנ אינ דאָרפ. פונוווײַטנס האָט נאָכ געהילכט די שיסערײַ, ס׳האָבנ נאָכ אומעטומ דערברענט די סרייפעס, וואָס די דײַטשנ האָבנ געלאָזט. די מענטשנ זײַנענ ארויסגעקראָכנ פונ די

קעלערס, פון די גריבער, פון אונטער די רויבנע, ארומגעקוקט זיך, גע־זוכט זייער הויף, זייער הויז, וואָס איז אוועק מיטן רויך. גרויס איז געווען דער צאר, גרויס איז געווען דער חורבן, אָבער נאָך גרעסער די פרייד פון באפרייונג און דער גלויבן אין דער אייגענער קראפט. מע ווייסט ניט, ווער ס'האָט זיך דער ערשטער אוועקגעלאָזט, נאָר די פאר־בליבענע אייַנוווינער, און נאָך זיי — די רויטארמייער האָבן זיך א ציי געטאָן צו די פיר בערגלעך, וואָס זייַנען שווייַגנדיקע געלעגן באם ברעג, צווישן די הויכע, שטענדיק גרינע סאָסנעס. מע האָט ווידער געגומען באצירן מיט קווייטן שוין די פיר בערגלעך, אָנגעלייגט אף זיי פרישע סאָסנע-צווייַגן; עמעצער האָט געבראכט צו טראָגן פיר רויטע שטערנס, אויסגעשניטענע פון דיקט, און אף דרענגלעך זיי אריינגעשטעקט אינעם זאמד. נאָר עפעס האָבן אלע געפילט, אז ס'איז ווייניק, די בערגלעך זייַנען שטום געווען, און איצט האָבן זיי ניט געטאָרט זייַן שטום, זיי האָבן געדארפט ריידן — ווער ליגט דאָ?

ס'זייַנען געקומען דער קאָמאנדיר פון טייל און דער קאָמיסאר. ביידע — הויכע, קרעפטיקע. דער קאָמאנדיר — מיט א ברוין געזיכט, וואָס איז ווי ארומגעווייט מיט פולווער-רויך, מיט שווארצע וואָנצעס, מיט א פאפאכע איבערן הויכן, קלאָרן שטערן, א בינאָקל אף דער ברוסט און א זילבערנע שווערד באַ דער זייַט; דער קאָמיסאר — מיט גרויע שלייפן, מיט אופמערקזאמע, בלויע אויגן און מיט א גוטער ווייכקייַט אינעם מוטיקן געזיכט. זיי זייַנען שווייַגנדיק צוגעגאנגען און פארנייגט די קעפ פאר די פיר בערגלעך. דערנאָך האָט דער קאָמאנדיר אופגעהויבן זייַנע שווארצע באטריבטע אויגן איבער די פארזאמלטע און האָט געזאָגט:

— נו, איז ווייסט טאקע קיינער ניט די נעמען פון די, וואָס ליגן דאָ באגראָבן?

צווישן פארזאמלטן אוילעם האָט זיך דורכגעשטופט אַן אלטער מאן — פּאָרפירי מאטווייעוויטש קלינקאָוו. ער האָט געהאלטן א ביקס אין דער האנט, פון אונטער זייַן צעשפּיליעטן פּידזשאק האָט זיך געזען א סטענגע קוילן, מיט וועלכע ער איז געווען ארומגעגארטלט. דער אוילעם האָט אים באקוקט פארוואונדערט — מ'האָט פּאָרפירינען ניט געזען דאָ א לאנגע צייַט, זינט די דייַטשן זייַנען הי געווען. איז ער, הייסט עס, גאנץ, דער אלטער.

פּאָרפירי מאטווייעוויטש האָט אראָפּגענומען זייַן אויסגעריבן, ווינטער־דיק היטל, און אלע האָבן דערזען, ווי ער איז גרוי געוואָרן, דער גוואר. צוויי שטארקע אָדערן, ווי שטריק, האָבן זיך בוילעט אָנגעזען אף זייַן האלדז, פון אונטער דער אונטערגעוואקסענער באָרד. נאָר דאָס פּאָנעם זייַנס האָט געהאט א מאָדנע הארטקייַט אין זיך, די אויגן האָבן

געקוקט שארפ, נאָר עפּעס א צאר האָט פונ זיי געלויכטנ. ער האָט זיכ א נייג געטאָנ מיט דעמ אנטבלויזטנ קאָפּ — פּריער צו די פיר בערגלעכ, דערנאָכ צו די פארזאמלטע, דערנאָכ — צומ קאָמאנדיר מיטנ קאָמיסאר. ער האָט געזאָגט מיט געצוימטער רעגונג אינ שטימ, אזוי ווי ס'זאָלנ אימ ווארגנ די ווערטער:

— איכ ווייס, ווער סע ליגט דאָ באגראָבנ... — ער האָט מיט ציטערנדיקע פינגער גענומענ זוכנ עפּעס אינ היטל, אופגעהויבנ דאָרט דעמ אונטערשלאק אונ ארויסגעשלעפּט א צונויפגעלייגט, פארגעלט שטיקל פּאפּיר. ער האָט עס פאנאנדערגעוויקלט, אונ, אָפּטראָגנדיק דאָס עטוואָס ווייטער פונ די אויגנ, מיט א שטרענגער פייערלעכקייט גענומענ לייענענ: — דער ערשטער, רעכטס, ליגט דעניס מיכיילאָוויטש באלאָוו — א רויטארמייער, דער צווייטער — איוואנ פּיאָדאָראָוויטש אָנישטשוק — א סערזשאנט, דער דריטער — זאלמענ מאָטעליעוויטש לייבמאנ — א רויטארמייער... ז ער פערטער... דער פערטער איז... — ער האָט זיכ מיטאמאָל געגעבנ א גלייכ אויס, ווי ער זאָל זיכ מיט קראפט אָנעמענ, — ניקאָליי פּאָרפיריעוויטש קלינקאָוו...

— ניקאָליי!

— קאָליע...

— דאָס איז דאָכ זיינ קאָליע! זיינ זונ! — האָבנ פונ אלע זייטנ זיכ געהערט שטימענ.

דער אלטער האָט פאמעלעכנ צונויפגעלייגט צוריק דאָס שטיקל פּאפּיר, נאָר די הענט זיינע האָבנ שטארק געציטערט אונ ער האָט בעשומיפנ ניט געקאָנט טרעפנ אינעמ אונטערשלאק פונ היטל. ער האָט פאמעלעכנ זיכ געלאָזט גיינ צוריק, פונוואנענ ער איז ארויסגעגאנגענ. נאָר מיטאמאָל האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט, אופגעהויבנ א האנט מיט צוויי צונויפגעלייגטע פינגער, ווי ער זאָל נאָכ עפּעס דארפנ צוגעבנ זייער א וויכטיקס:

— דאָס רעכט צו באגראָבנ דאָ קאָליענ האָב איכ אליינ זיכ גענומענ, — האָט ער געזאָגט מיט א פעסטער שטימ. — איכ מיינ, אז מיינ זונ האָט עס פארדינט... — „טאטע, — האָט ער מיר געזאָגט, ווענ מיר זיינענ אינ וואלד אוועק, — די דאָזיקע דריי בערגלעכ זיינענ, ווי לעבעדיקע, טייער, מע דארפ זיי אָפּהיטנ, אָט האָב איכ פארשריבנ, ווער עס ליגט דאָרט", — אונ ער האָט מיר באלד באוויזנ דאָס דאָזיקע פּאפּירל. דערנאָכ האָט ער דאָרט אלע מאָל באנייט די אופשריפטנ, אפּסניי אָנגעשאָטנ די ערד, וואָס די דייטשנ פלעגנ איינטאָפּטשענ. — „די דאָזיקע ערד איז מיט בלוט פארגאָסנ", — האָט ער געזאָגט... נאָר דאָס איז ניט אלצ... ווער געדענקט: מע האָט אפּ טשערנאָרער וועג געהאט געפונענ

דרײַ געהאַרגעטע דײַטשן. דאָס זײַנען געווען קאָליעס דײַטשן... און ווער געדענקט נאָך, ווי ס'האָט פּלוצעם אַפּן וועג זיך אויפגעריסן אַ דײַטשישע מאַשין... דאָס איז אויך געווען מײַן קאָליעס אויפטו... נו, איז אָט דאָ ניט לאַנג, — איר, כאַוווער קאָמאַנדיר, האָט עס געדאַרפט באַמערקן, — ווען ס'האָט פּלוצעם אין דער נאַכט אַף אַ באַרג אויפגעפלאַקערט אַ שײַ-טער, דרײַסיק שפאַן פון דער דײַטשישער באַטאַריי, וועלכע האָט באַ-שאָסן די צוטריטן צום דאָזיקן דאָרף. אונדזער באַטאַריי האָט גלײַך געעפנט אַ פײַער אַהער און גוט געטראָפן... דאָס איז געווען אַ גרויסע ריזיקע — נאָר קאָליע האָט דעם דאָזיקן שײַטער אָנגעצונדן. אין דער פינצטער האָט אים דאַן אַ דײַטשישע קויל אָנגעיאָגט און אַף מײַנע הענט איז ער שוין געפאַלן אַ טויטער... אָט אין יענער נאַכט האָב איך אים דאָ באַגראָבן... איך מיין, אַז איך האָב רעכט געהאַט דערויף...

דער אַלטער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ... דער קאָמאַנדיר האָט אַ טראָט געטאָן צו אים, אַוועקגעלייגט אים די האַנט אַפן אַקסל, דער-נאָך אַרומגענומען אים מיט דער האַנט פאַרן האַלדז. צוויי טרערן האָבן פלינק אַ יאָג געטאָן איבערן אַלטנס פּאָנעם, און ווי צו באַהאַלטן זיי, האָט ער מיטן געזיכט זיך צוגעטוליעט צו דעם קאָמאַנדירס אַקסל. אַ טיפער קרעכץ האָט זיך פון דעם אַלטנס ברוסט אַרויסגעריסן...

# וויַנטרויבנ

מיר זיצנ אינ א געדיכטנ סאָד, וואָס איז אינגאנצנ פארגאָסנ מיט זונ, ווו יעדעס גרעזעלע אונ בלעטעלע שײַנט; א סאָד, ווײַט פונעמ שטויביקנ וועג, אפ וועלכנ ס'שטייענ אווטאָמאָבילנ מיט זעניט-קוילנווארפער. מיר האָבנ זיכ פארקליבנ הינטער דער ווײַסער וואנט פונ א שטיבל, צווישנ געפארבטע בינשטאָקנ, צעשטעלטע אינ צוויי רייענ. דאָ ליגנ אומעטומ רויטארמייער, אייניקע שלאָפנ, אנדערע רייניקנ דאָס געווער, — דער פאָלק געפינט זיכ אינ רעזערוו. פונוויַטנס דערטראָגנ זיכ ארטילעריע-קנאלנ, נאָר זיי פארטויבנ ניט דאָס זשומענ פונ די בינענ אונ שטערנ ניט זייער גאָלדענעמ באָדנ זיכ אינ דער שטראלנדיקער, הייסער לופט. סאַוטשענקאָ האלט, ווי זײַנ שטייגער איז, אינ האנט די נאהײַקע, טרײַבט מיט איר די בינענ, וואָס זעצנ זיכ אפ די געלע ראָמאשקעס אונ אפנ נעזל פונ זײַנ פארשטויבטנ שטיוול, אונ דערציילט וועגנ דעמ רויטארמייער איוואנ קאָריאגא.

— ...ער איז געקומענ צו מיר אינ פאָלק צוזאמענ מיט דער גרופּע אסטראכאנער פישער, האָב איכ געמיינט, אז ער איז אויכ א פישער — איז ניינ, ער איז גאָר פונ הינטער קאָראָסטענ. ווי קומט ער צווישנ די אסטראכאנער, ווייסט אימ דער טײַוול. ער האָט עס אליינ ניט געקאָנט אויסטײַטשנ. ס'קוקט אפ דיר אזא מענטשל אונ שמייכלט. אונ דאָס פאָנעמ זײַנס, דארפ איכ דיר זאָגנ גלײַכ, איז ניט קיינ אָנגענעמס, — פונעמ ערשטנ בליק, פארשטייט זיכ, — א קײַלעכדיקס, א צעבלאָזנס, מיט באקנ, ווי בא א באבעצי, נאָר סע וואקסט אפ דעמ האָר. אונ האָר — א גאנצער וויכעט, עמעסדיקע סטערניע. אייגעלעכ האָט ער קײַלעכדיקע, גרויע, אונ וועסט ניט זאָגנ, אז שלעכטע, — גוטע אויגנ, זיי שמייכלענ שטיל. א ברייט מויל מיט פולבלעכע ליפּנ. נאָר אָט דאָס דאָזיקע מויל זײַנס, — אינ דעמ, וויִאזוי ער האָט געהאלטנ צונויפגעצויגנ די ליפּנ, איז געווענ עפּעס א טיפע באלײדיקטקײַט, א טרויער, אונ עפּשער — פעסטקײַט אונ ערנסטקײַט. דערפונ באקומט זיכ זײַנ שמייכל עפּעס אנ אומעטיקלעכס. אליינ איז ער ניט קיינ הויכער, א ברייטער, מיט רונדע אקסל. פארגארטלט מיטנ פאסיק, באהאנגענ מיטנ פאטראָנטאש, מיט גרא-

נאטעס און מיטן לאָפּעטקעלע, אין בלאָווע גאַליפע-הויזן, וואָס קנייטשן זיך אומגעהייער אַף זײַנע קורצע פיס, האָט ער אויסגעזען, ווי א קרוג. זײַן נאָמען — קאָריאגא האָט אים היפּש געפּאַסט, נאָר איך האָב אים אין געדאַנק גערופן „קוּווּשין". — כ'האָב קיין בייזס צו אים ניט געפילט, פאַרקערט, עפּעס האָט זיך אין מיר דערוועקט א צוגעלאָזנקייט צו אים. בכלל בין איך פון דער גאַנצער גרופּע אַסטראַכאַנער געווען שטארק צופרידן, זיי זײַנען געקומען מער ווי באַצײַטנס, מיר האָבן פּונקט גע-פירט שטארקע שלאַכטן קעגן די דײַטשן. כעוורע זײַנען דאָס געווען איינס אין איינס. אָט זיצן עטלעכע זייערע, — זעסט, יונגע, שלאַנקע, פעסטע, ברוינע — רוכעס, אָט אַזעלכע האָב איך געדאַרפט. און צווישן זיי איז געווען דער דאָזיקער איוואַן קאָריאגא, ס'הייסט, צווישן זיי האָט ער טאַקע אויסגעזען, ווי א קאָריאגע...

נו, זײַנען זיי טאַקע דעם זעלבן טאָג אַוועק אַף דער פײַער-פּאָזיציע. איך מיטן קאָמיסאַר האָבן זיך מיט זיי אַדורכגעשמועסט, דערציילט א ביסל וועגן פּאָלק, וועגן די איצטיקע שלאַכטן, וועגן אונדזערע אָדלערס, און כעוורע איז אַוועק בראַוו. מיט איין וואָרט — גוטע יאַטן. יאָ, זיי גייען אַרויס פונעם כוטאָרל, אין א קאָלאָנע צו פיר, און דער סוינע עפּנט פּונקט אָן אַרטילעריע-פײַער. די סנאַריאַדן רײַסן זיך אַף א קילאָ-מעטער אין א זײַט. קלאָר, אַז מע דאַרף זיך צעשפּרייטן. איך שיק שוין א פאַרבינדלער צום קאָמאַנדיר פון ראָטע, וואָס פירט זיי, נאָר אַליין קוק איך, ווי די כעוורע האַלט זיך אונטערן פּולווער — גוט, מע גייט. און דער דאָזיקער איוואַן קאָריאגא, מײַן „קוּווּשין" — ער גייט אויך, עמעס, ער גייט פון הינטן — דער סאַמע קלענסטער — און טראָגט די ביקס א ביסל ניט אײַ-אײַ, ווי א דרענגל ליגט זי אַף זײַנע אַקסל, נאָר זי איז דאָך היפּש גרעסער פון אים, דאָ וועסטו גאָרנישס ניט מאַכן...

די אַסטראַכאַנער האָבן זיך געשלאָגן גוט. און דער דאָזיקער איוואַן קאָריאגא, דעם עמעס געזאָגט, האָט אויך ניט פאַרשעמט. ס'איז אַזוי אַוועקגעגאַנגען א פּאָר טעג, פרעג איך דעם קאָמאַנדיר פון ראָטע: „נו, וויאַזוי זײַנען די נײַע, די פישער?" — „גוט", — ענטפערט ער. אַלץ הייסט גוט, איך האָב שוין גראָד געוווּסט, מיט וואָס פאַרא יאַטן איך האָב צו טאָן. „נו, — פרעג איך, — און דאָרט איז בא דיר דאָ איינער א קאָ-ריאַווער, ווי א קרוג, ניט קיין הויכער..." — „האַ, — ענטפערט דער קאָמ-ראָטע, — יענער איז אויך נישקאָשע... ס'איז א שטיל מענטשל..."

מיילע, א שטילער, איז א שטילער. א פּאָר מאָל האָט ער זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן, קאָריאגא. און איך זאָל זאָגן, אַז ער איז מיר באַזונדערס געפעלן געוואָרן, איז ניין. עפּעס האָב איך אים, ווי אַפּצע-לאָכעס, גראָד געזען אין אַזעלכע מאָמענטן, וואָס געפעלן ווערן האָט

ער ניט געקאָנט. דאָס גייט ער זיכ מיט א קעסעלע באָרשטש איבערנ וועג, פאָרסט אימ אָנ אנטקעגנ אונ ער פאלט דיר שיר ניט ארונטערנ פערד, — פארטראכט זיכ! דערנאָכ שטעלט ער זיכ אָפ אונ קוקט מיט א שולדיקנ שמייכל אפ דיר, אזוי, אז דו קאָנסט גאָר אפ אימ ניט אָנשרײַענ אפילע. אנ אנדערש מאָל, מע איז נאָר ארײַנ אינ א דאָרפ, מע האָט זיכ נאָכ ניט אײַנגעאָרדנט, ניט ארומגעקוקט, — אהא, קאָריאגא גייט שוינ מיט אנ אובערעמעק שטרוי; אליינ איז ער א קליינער, א גראָבער אונ מיטנ אובערעמעק שטרוי איז ער ווי א גייענדיקע קאָפיצע, — דאָס קלײַבט ער זיכ שוינ שלאָפנ, דער „וואָיאקע“... א דריט מאָל, איכ גיי ארײַנ אינ א כאטע, — ער איז דאָרט, מײַנ „קווושינ“, ער זיצט איבער א שיסל סמעטענע אונ ארבעט מיט א הילצערנעמ לעפל, אונ לעבנ אימ זיצט א מומינקע, אונטערגעשפארט מיט א פינגער דעמ קינ, אונ באדויערט אימ, דעמ „סאָלדאטיק“... אונ א פאָנעמ, דארפ איכ דיר זאָגנ, איז בא אימ א טאמעוואטס, גאָט די נעשאָמע שולדיק, נאָר ווענ דו קוקסט זיכ אינ אימ אײַנ, זעסטו, אז דאָס איז א שעלמעצ, א דורכגעטריבענער, א שעד... איינמאָל איז ער מיר געפעלנ געוואָרנ, איוואנ. דאָס איז געווענ, ווענ מיר זײַנענ געשטאנענ אינ דאָרפ קאָפאני. כעוורע האָט דאָרט אינ אָוונט, נאָכ דער שלאכט, פארבראכט א ביסל מיט דער הארמאָשקע. מע האָט געזונגענ, געטאנצט. פלוצעמ הער איכ — מע לאכט, אז מע קאטשעט זיכ אוש. איכ גיי צו — אהא! אינ קרײַז איז מײַנ „קווושינ“. אונ ער טאנצט — אז פײַער שיט זיכ. ער ארבעט מיט די פיס אונ מיטנ גאנצנ גופ, כ'האָב נאָכ אזא ספריטנעקײַט ניט געזענ. אונ דאָס פאָנעמ זײַנס — סע שפילט. א קאָמיק. מע קאָנ צעזעצט ווערנ פאר געלעכטער. איכ האָב דאָכ געוווסט, אז ס'איז א שעד!

נאָר ניט דאָס האָב איכ דיר געוואָלט דערציילנ... — סאווטשענקאָ ווערט כמורנע, זײַנ ברוינ, מוטיק געזיכט מיט די טונקעלע וואָנצעס ווערט ווי מיט א וואָלקנ פארצויגנ, ער שווײַגט א רגע, דערנאָכ צעשפילנ זיכ ווידער זײַנע עטוואָס צוגעזשמורעטע קארע אויגנ, ער טוט א זעצ מיט דער נאהײַקע איבער א געלער ראָמאשקע. — יאָ, איז וועגנ קאָריאגענ, — זאָגט ער שטיל. — דער „קווושינ“, האָט זיכ אויסגעלאָזט, איז געווענ גאָר ניט קיינ פראָסטער, — פונ דער סאמע בעסטער לײמ אונ פונ דער סאמע פעסטער פארהארטעוועטקײַט... מיר האָבנ דאנ מילכאָמע געהאלטנ אינ שכיינעסדיקנ ראיאָנ, ביסט דאָכ אימ דורכגעפאָרנ, האָסטו געזענ, אז ער איז דורכויס באדעקט מיט ווײַנגערטנער; בערגלעכ אונ טאָלנ, אונ זיי זײַנענ, ווי מיט טעפיכער, באדעקט מיט ווײַנגערטנער. א גאָלדנ אָרט. נאָר איצט איז דאָרט שוינ ניט איינ ווײַנגאָרטנ אויסגעטאָפטשעט... אינ איינ אָרט האָבנ מיר א גאנצנ טאָג גע-

פירט א פארביטערטע שלאכט אין צו אָוונט אָפּגעשטויסן די דײַטשן פונעם דערפל, אין פעלד ארײַן. באקומען האָט זיך אזוי, אז מיר זײַנען פון איין זײַט, בא א גרויסן ווײַנגאָרטן, און די דײַטשן — פון דער צווייטער זײַט. ס׳איז צוגעפאלן די נאכט, אזא טיפע, אזא פינצטערע, אז כ׳האָב נאָך אזוינס ניט געזען. דער הימל איז פארצויגן מיט וואָלקנס, די היגע ערטער, ווייסטו דאָך — אז עס קלײַבט זיך אפ באנאכט א רעגן, ווערט אלץ ווי מיט א קאָלדרע אײַנגעדעקט. דושנע. פלוצעם דערהערן מיר עפעס א שטים פון דער דײַטשישער זײַט — אהא, עפעס אן אגיטאָטאָר האָט זיך דאָרט געפונען. די דײַטשן האָבן דאָס ליב — אין א שטילער נאכט עפעס ארײַנשרײַען אין אונדזער זײַט. די רויטארמייער הערן דאָס געוויינלעך, ווי א בילן, — אָדער מע זידלט זיך אויס אָדער מע שיקט אהין א פּאָר קוילן, און דער בילער פארבײַסט די צונג... דאָס מאָל האָט אפ א געבראָכענעם רוסיש געשריגן עפעס אן אָפיצערל, ער איז געווען ניט מער, ווי א שפאן הונדערט פון אונדזער פאָדערשטער קייט, פארקליבן זיך, ווי א סיטש, אין די ווײַנטרויבן-קוסטעס. יענעם טאָג, דארפסטו וויסן, האָבן מיר די דײַטשן היפּש אָנגעבראָכן דיביינער, זײַנען זיי געווען שטארק צערייצט. „נישקאָשע, — האָט געשריגן דער דײַטשישער אָפיצער, — זײַט רויִק! הײַנט האָט סאוּוטשענקאָ אונדז געשלאָגן, מאָרגן וועלן מיר סאוּוטשענקאָן שלאָגן...״ — איך שטיי און שמייכל מיר, — ס׳איז אָנגענעם, ווען דער סוינע בייזערט זיך... מיטאָמאָל דערפיל איך, אז עמעץ טאָרעט מיך. איך טו א קוק — מײַן „קוּווּשין״, איוואַן קאָריאגא. „כאווער קאָמאנדיר, — זאָגט ער, — כאווער קאָמאנדיר, דערלויבט מיר אָפּענטפערן דעם דאָזיקן זאדריגע, אפ וויפל ער באליידיקט אונדזער פאָלק, און באליידיקט אײַך, אונדזער קאָמאנדיר...״ „גוט, — זאָג איך אים, — אנו, לאָמיר זען...״ — און ער איז אוועק. ער האָט זיך אוועקגעשלײַכט אין די ווײַנטרויבן-קוסטעס. ס׳איז אריבער א מינוט, צוויי, דער אָפיצער רײַסט זיך אלץ אפ די ציין. פלוצעם הער איך קאָריאגעס שטים, און אזוי שטארק, כ׳האָב זי קוים דערקענט: „אָט וועל איך דיר באלד, אָפיצערישע מאָרדע, ארײַנהאקן א פלאָקן אין גאָרגל, אז דײַן קאָפּ וועט זיך קיין שאָקל ניט טאָן!״ — און ס׳דערהערט זיך אן אופרײַס פון איין גראנאטע, פון א צווייטער. מער האָט שוין דאָס אָפיצערל ניט געשריִען...

דאָס איז געווען אין אָוונט, און אפ מאָרגן איז בא אונדז ווירקלעך געווען א שטארקע שלאכט מיט די דײַטשן. עטלעכע מאָל האָבן מיר זיך ארײַנגעריסן צו זיי אפ די פּאָזיציעס, דאָרט אָנגעמאכט אש און רויך, א פּאָר מאָל זײַנען זיי געווען בא אונדז אפ די פּאָזיציעס, פארשיקט צו אונדז אווטאָמאטשיקעס אין די פלאנגען, קאָמבינירט די אר-

טילעריע מיט מינענוואַרפער אפ באַזונדערע באַצירקן. ס'איז געווען א הייסער טאָג, א געגעם. די ערד האָט זיך שיר ניט געשפּאָלטן פונעם פײַער. און פּלוצעם, אין סאַמע אָנגעשטרענגטן מאָמענט פון שלאַכט, ווען די דײַטשן האָט זיך אײַנגעגעבן עטוואָס אָפּשטופּן אונדזער רעכטן פליגל און אנטבלויזן דאָרט אונדזער ארטילעריע, זע איך ווי צוויי מענטשן שלעפּן אפ זיך א הארמאַט. אָט האָבן זיי אים אָפּגעשלעפּט א ביסל, אָפּגעשטעלט זיך, ארויסגעלאָזן עטלעכע סנאַריאַדן איבער די גרופּקעס דײַטשן, וואָס האָבן געשפּאַרט אהין, און ווידער זיך אײַנגעשפּאַנט און געשלעפּט דאָס הארמאַטל. אָט איז דער, וואָס איז געווען רעכטס, געפאלן, באַם הארמאַט איז פארבליבן נאָר איין מענטש, און איך זע פונוויַטנס, אין בינאָקל — דאָס איז ניט אנדערש ווי מײַן „קוושינ", איוואַן קאָריאַגא. א גראָבינקער אזא, א נידעריקער. ער? — ער! ער איז דאָך אָבער ניט קיין ארטילעריסט?! דאָס איז ער, מינאַסטאַם, פארבליבן באַם הארמאַט, ווען די פּוסגייער האָבן זיך אָפּגעקײַקלט. ער שיסט שוין איצט ניט פון הארמאַט, ער שלעפּט אים נאָר, ער וויל אים ראַטעווען... כ'האָב אים גלײַך געשיקט א גרופּע שלאַכטלײַט צוהילף, נאָר ס'איז ניט אזוי גאָענט און ניט אזוי גלײַך גייט מען. כעוורע האָט זיך אוועקגעלייגט אפ דער ערד און געגומען פויזען, מיטן פײַער ניט צוגעלאָזט די דײַטשן צום הארמאַט... און דאָרט, זע איך, אז מיט קאָריאַגען האלט עס גאַנץ שמאָל — מע שיסט אפ אים פון אלע זײַטן, מינעס רײַסן זיך קעסיידער. „א שאָד דעם הארמאַט לאָזן", — טראַכט איך בא זיך, נאָר ווען כ'וואָלט געקאָנט אין דער דאָזיקער רעגע אים באַפוילן וואַרפן דעם הארמאַט, וואָלט איך דאָס געטאָן. עפּעס איז ער מיר אזוי טײַער געוואָרן, דער דאָזיקער קאָריאַגא, אז דאָס הארץ אין מיר איז אזש פארקילט געוואָרן. כ'וואָלט אים פונדאַנען געגעבן עפּעס א סיגנאַל, ווער ער אים ניט פארשטיין. און דער מענטש, זעט מען פונווײַטנס, שטרענגט שוין אָן די לעצטע קויכעס. ער שלעפּט דעם הארמאַט, פאלט, שטייט אוף און שלעפּט ווײַטער. דער הארמאַט פארטשעפּעט זיך, לויפט ער צו צו א ראָד און שטופּט אים אונטער. אָט זײַנען עטלעכע אווטאָמאַטשיקעס ארויסגעלאָפן פון קאָרן, קאָריאַגא שטייט שוין הינטער דער שוץ-ברעט פון הארמאַט און שיסט אפ זיי פון זײַן אווטאָמאַט. די דײַטשן זײַנען אוועק, נאָר מיר זעען, אז קאָריאַגא איז שוין פון הינטערן שוץ-ברעט ניט ארויסגעגאַנגען, נאָר ארויסגעפויזעט אפ די קני — פארוווּנדעט! נאָר ער שפּאַנט זיך ווידער אײַן אין הארמאַט. אפ די קני פויזעט ער, ציט זיך מיט זײַן קורצן, דיקן גוף פאָרויס, שטרעקט אויס די האַנט, ווי ער זאָל זיך וועלן אָן עפּעס אָנכאַפּן, ער בייגט זיך אָן און האלט זיך פאַר דער סטערניע. אָט לייגט ער זיך גאָר אוועק און קריכט, און דער הארמאַט רוקט זיך נאָך אים...

מע האָט אים, קאָריאגען, געבראכט צו טראָגן צו מיר.ביידע פיס זײַנען בא אים געווען דורכגעשאָסן. ער האָט קוים געאָטעמט. זײַן פּאָנעם איז געווען צעקרימט און שרעקלעך בלאס. כ'האָב געהייסן באלד אָפּטראָגן אים אין מעדפּונקט. טאקע דעם זעלבן טאָג, צו פארנאכט, האָבן מיר די דײַטשן אָפּגעשטויסן צוריק, אָפּגעטריבן זיי נאָך ווײַטער, העט אריבער די ווײַנגערטנער, צום שכײנעסדיקן כוטאָר.

באנאכט האָב איך אָנגעריסן עטלעכע גוטע הענגלעך ווײַנטרויבן און בין אוועק אין מעדפּונקט, א קוק טאָן אָפּ קאָריאגען. ער איז געלעגן אָפּ א שטרויענעם מאטראַץ, צוגעדעקט מיט א פּלאשטש-פּאלאטקע. ער איז שוין געקומען צו-זיך. די אויגן זײַנע זײַנען געווען אָפן, גוטע אויגן, גרויע, קײַלעכדיקע, אָפּ זײַן פול פּאָנעם איז געווען א מילדער שמייכל. א באָרד איז בא אים געוואקסן א געלבלעכע, און איצט האָט זײַן פּאָנעם מאמעש געלויכטן מיט אן אינערלעכער שײַן. כ'האָב זיך צוגעזעצט בא זײַן צוקאָפּנס, דערלאנגט אים די ווײַנטרויבן. כ'האָב זיך געפילט שולדיק, וואָס איך האָב פריִער אָפּ אים אזוי געקוקט. כ'האָב אים עפּעס געוואָלט זאָגן צארטס, גוטס, נאָר כ'האָב מיטאמאָל באמערקט צוויי רייצעוודיקע, ווארעמע פײַערלעך אין זײַנע אויגן.

— כאווער קאָמאנדיר, — האָט קאָריאגא געזאָגט, — איר האָט געבראכט ווײַנטרויבן, אז אין „קווושין" זאָל ווידער שפּילן גוטער ווײַן?..

אך, דו שעד אײַנער! האָט ער, הייסט עס, געוווסט, אז איך רופּ אים „קווושין", און דאָס האָט אים פארדראָסן...

איצט וועל איך דיר אָט וואָס זאָגן. אין יעדן מענטשן, אין יעדן פון אונדזערע מענטשן, איז דאָ א פּערל, און מע דארפּ אים קענען אײַנזען, מע דארפּ אים קענען געפינען, דערגרונטעווען זיך צו אים. און עס איז א גרויסע פרייד, ווען מע געפינט דעם דאָזיקן פּערל אינעם מענטשן...

סאווטשענקאָ האָט זיך פארטראכט, ער האָט מיט צוויי פינגער א פיר געטאָן איבער די וואָנצעס, אָפּגעצויגן זיי אָפּ אראָפּ, און דערפון איז זײַן פּאָנעם געוואָרן שטרענגער. ער האָט צונויפגערוקט די ברעמען און האָט אזוי געקוקט אין איין פּינטל ערגעץ ווײַט אין סאָד.

# א פאפאכע

טימאָשע סירגולי האָט מיטגעטיילט סאווטשענקאָנ די רעזולטאטנ פונ דער אויסשפירונג. סאווטשענקאָ, א הויכער, א ברייטפלייציקער, מיט אומרויִקע באוועגונגענ, האָט, הערנדיק אימ, פאנאנדערגעבונדנ אפ זיכ די בורקע אונ ארויפגעלאָזט זי אפ דעמ ערדענעמ דיל, ארויפגענומענ דעמ מאוזער אינעמ הילצערנעמ קאָבור אונ אוועקגעלייגט אפנ קאסטנ, אָפגעשפיליעט די פלאנשעטקע אונ א צעעפנטע זי געלאָזט אפנ טיש. ער האָט זיכ אלײנ אויכ אָט ערשט אומגעקערט פונ א רײַזע איבער די עסקאדראָנעס. סאווטשענקאָס ברוינ, מוטיק געזיכט מיט די שווארצע, פארדרייטע וואָנצעס, איז געווענ אופגערודערט אונ מיד, ער האָט עטוואָס אומגעדולדיק אונ מיט נײַגיר א קוק געטאָנ אפנ ענגנ צימערל פונ דעמ דאָרפישנ שטיבל, אפ די קאָמאנדירנ פונ די סוב-אָפטײלנ, וועלכע האָבנ, פארגליווערטע אינ פארשיידענע פאָזעס, אפ אימ געווארט, אונ האָט בייסמײַסע אופמערקזאמ געהערט דעמ אויסשפירער. אפ זײַנ לעבעדיקנ פאָנעמ האָבנ זיכ ווי אָפגעשטעמפלט די געדאנקענ, וואָס ס'האָבנ בא אימ ארויסגערופנ די נײַ באקומענע ידיעות. אָט האָט זיכ עטוואָס אָנגעכמורעט זײַנ הויכער שטערנ, די שווארצע ברעמענ זײַנענ זיכ צונויפגעגאנגענ איבער דער נאָז, אָט האָט ער עטוואָס פארביסנ א ברעג וואָנצע אונ פארקלערט אָנגעבויגנ דעמ קאָפ, אונ אָט האָבנ זײַנע קארע אויגנ א גלאנצ געטאָנ, — אהא, ער האָט צוגעטראכט וואָס מע דארפ!

טימאָשע סירגולי האָט דערציילט אויספירלעכ, פאמעלעכ וועגנ אלע דעטאלנ פונ זײַנ אויסשפירונג. אפ זײַנ ברוינעמ, פאראקשנטנ שטערנ האָט אלע מאָל זיכ געלייגט אנ איינציקער טיפער קנייטש, ווי ער זאָל זיכ אליינ פרעגנ מיט דעמ, טימאָשע, צי האָט ער אלצ דערציילט. ער איז די גאנצע צײַט געשטאנענ פארנ קאָמאנדיר אפ איינ אָרט, אינ מיטנ צימער, ווי די שווערע בורקע זאָל אימ צומ דיל צוקאָוועג. ער איז געווענ ניט קיינ הויכער, א ברייטער, מיט א לעגגלעכ כאראקטעריש פאָנעמ, אפ וועלכנ ס'האָט, ווי א האקנ, זיכ אויסגעטיילט זײַנ אָדלערנאָז, די אויגנ זײַנע האָבנ געלויכטנ מאט, נאָר פונ דער כאמע טיפ. ער איז געווענ אָנ א פאפאכע, מיט א רויטנ באשליק אפנ האלדז. שניי

האָט זיך דורכגעוואָרפֿן אין זײַנע שווארצע, פּאַטלאַטע האָר, דער שנײ איז פֿאַמעלעכן צעגאַנגען און פֿײַכטע ריטשקעלעך זײַנען גערונען איבער זײַנע באַקנביינער. אין דער טונקעלער שײַן פֿונעם הענגענדיקן לעמפּל האָבן טראָפּנדלעך צעגאַנגענע שניי געגלאַנצט אַף די שווארצע הערעלעך פֿון זײַן בורקע...

טימאָשע האָט געענדיקט דערציילן. ער האָט צונויפגעפּרעסט די ליפּן און איז שטיין געבליבן אַן אויסגעצויגענער.

— פֿאַר דער גוטער אויספֿירונג — אַ דאַנק, — האָט געזאָגט סאָוו-טשענקאָ, קוקנדיק ניט אַף טימאָשען, נאָר ערגעץ אין אַ זײַט, ווו ס'האָט אין דער אָנגעקומענער שטילקייט געשקראַבעט אַ מײַזל. — האָסט זיך אָנגעפּרוירן... וועסט איבערגעבן דעם נאַטשכאָז בוזולוקן, ער זאָל דיר אַרויסגעבן איבעריקע הונדערט גראַם אַף זיך דערוואַרעמען און נאָך אַ פּאָר קילאָ האָבער פֿאַר דײַן פֿערד... און מע זאָל דיך לאָזן אָפּרוען ביז אינדערפֿרי... נאָר אָט פֿאַר דעם, וואָס דו ביסט געקומען פֿון דער אויספֿירונג אָן אַ פּאַפּאַכע, קומט דיר שוין קיין דאַנק ניט... — סאָוו-טשענקאָ האָט האַרב אַ קוק געטאָן אַפֿן אויספֿירער, אַפֿילע אופֿגעהויבן אינדערלופֿטן אַ פֿינגער. — ס'וועט דיר אויסקומען גיין נאָך אין באַש-ליק... ווו וועלן מיר דיר נעמען נאָך אַ פּאַפּאַכע? יעדע פּאַפּאַכע האָט זיך באַ אונדז געפֿונען איר קאָפּ, און נאָר דײַנע איז אוועק אין שאָדן...

באַ טימאָשען האָט דאָס האַרטע פּאָנעם עטוואָס אַ ציטער געטאָן. זײַנע אויגן האָבן ניט זיכער אַ בלאָנדזשע געטאָן איבערן צימער.

— ס'איז זיך אויסגעקומען גאַנווענען, — האָט ער טויב געזאָגט, — געפּויזעט אין אַ פֿינצטער וועלדל, צווישן אַקאַצי'ע-קוסטעס... איז ווייסט עס דער רוער — ערגעץ האָט זי זיך אַ פֿאַרטשעפּע געטאָן און ניט גע-בליבן... כ'האָב געזוכט, געטאַפּט... פֿאַרהאַלטן זיך האָב איך ניט געוואָלט...

סאָווטשענקאָ האָט צעפּירט מיט די הענט:

— וועט דיר איצט אויסקומען גיין אין באַשליק... אַ שאָד, עפּעס פּאַסט עס ניט פֿאַר אַ קאַזאַק, נאָר וואָס קאָן מען טאָן? — זײַן פּאָנעם האָט איבערגעהאַקט אַ קוים מערקבאַרער שמייכל. — און די דײַטשן וועלן מאָרגן אינדערפֿרי אַרומטראָגן דײַן פּאַפּאַכע אַף אַ שטעקן און וועלן לאַכן: „אָט איז די פּאַפּאַכע פֿונעם בעסטן אויספֿירער פֿון סאָווטשענקאָס דיוויזיע...” מע קאָן זי נאָך אוועקשיקן קיין בערלין, ווי אַ טראָפֿיי, די פּאַפּאַכע דײַנע...

אין ענגן צימערל האָט עמעץ פֿון די קאָמאַנדירן אַ לאַך געטאָן, נאָר באַלד אופֿגעהערט. מע האָט געהערט אָנגעשטרענגט.

אַ שווייס איז אַרויסגעטראָטן אַף טימאָשעס האַרטן, פּאַראַקשנטן שטערן און האָט זיך אויסגעמישט מיט די טראָפּנס צעגאַנגענעם שניי, וואָס זײַנען אים גערונען פֿון די האָר.

— כאווער קאָמאַנדיר, — האָט ער געזאָגט, — דערלויבט מיר צופאָרנ ווידער אינ יענעמ ווערדל א זוכ טאָנ די פאפאכע...

— גערדאַרפט פריִער... איצט איז נאָכ פינצטערער אונ דער שניי שיט שטארקער, — ווו וועסטו זי געפינענ? נײנ, גיי שוינ בעסער, רו זיכ אויס...

— כ'בינ ניט מיד.

— נײנ, איכ דערלויב ניט.

— איז וועל איכ בעטנ, כאווער פאָלקאָווניק, אזא זאכ: — סירגולי האָט א טראָט געטאָנ פאָרויס, פונ אונטער דער בורקע האָט זיכ דערפילט, ווי ער האָט צונויפגעדריקט די פויסטנ, די מאטע פלעמעלעכ אינ זײַנע אויגנ האָבנ א ליכטיקנ ברעג געטאָנ. — כ'וועל פאר מײַנ פאפאכע ברענגענ א לעבעדיקנ דײַטש! דערלויבט גיינ.

— סײַדנ עפשער — מאָרגנ, — האָט סאווטשענקאָ, ווי ניט ווילנדיק, אײַנגעשטימט. — אנ אויספירער דארפ אָפרוענ. מאָרגנ — ביטע... ברענגסטו א לעבעדיקנ דײַטש, נעמסטו פונ אימ אראָפ דאָס היטל אונ טראָגסט זי. דאָס וועט זײַנ דײַנ טראָפיי.

אפ מאָרגנ פארנאכט איז סירגולי אוועק. ער האָט געלאָזט אינ דאָרפ דאָס פערד, די בורקע. אָנגעטאָנ אפנ קאָפּ דעמ באשליק. ס'האָט געשאָטנ א שניי אונ ער איז גיכ פארשווונדנ אינ סטעפּ. א שטיל, קאלט ווינטל איז געלאָפנ נידעריק בא דער ערד, געטראָגנ די פארפרוירענע שנייעלעכ, הארטע, ווי גרײַפּעלעכ, געשמיסנ זיי אינ פּאָנעמ, געטראָפנ אינ די צונויפגעזשמורעטע אויגנ, ווי מיט נאָדעלעכ. סירגולי איז געגאנגענ. ער האָט געמיטנ די פּאָדערשטע וואכ, אָפּגענייגט זיכ פונ איר אינ א זײַט, צו ניט קיינ טיפנ יאר. דאָרט האָט ער נעכטנ געלאָזט דאָס פערד. פונדאנענ איז ער שוינ אוועק אָנגעבויגנ, גאנווענענדיק זיכ צווישנ די קוסטעס פונ פארפרוירענער בוזינע אונ אינ הויכנ פירײַ.

ס'איז אלצ געדיכטער צוגעפאלנ די נאכט. ערגעצ גאָר ווײַט האָט געשטעפט א קוילנוואָרפער. באלד האָט מענ פונ א צווייטער זײַט אימ געענטפערט. „די קוילנוואָרפער ריידנ זיכ דורכ" — האָט סירגולי א טראכט געטאָנ. ערגעצ האָט אײנזאמ אונ טויב א הילכ געטאָנ א הארמאטנ-שאָס, א ראקעטע האָט זיכ אָנגעצונדנ אינ טונקעלנ הימל, פינקלענדיק געהאלטנ זיכ דאָרט א ביסל אונ אויסגעלאָשנ זיכ. „גוט, וואָס עס איז אקטיווער אפנ לינקנ פלאנג, — האָט סירגולי געטראכט, — וועט דאָ זײַנ שטילער".

ער האָט געמיטנ דאָס ווערדל, ווו ס'האָט נעכטנ מיט אימ פאסירט די געשיכטע מיט דער פאפאכע, ארויסגערוקט זיכ נאָכ ווײַטער. דאָ האָט ער שוינ דערהערט פונוויי̆טנס שטימענ פונ דײַטשנ. ער איז שוינ געוועג הינטער די דײַטשישע שוצ-גראָבנס, שוינ ניט ווײַט פונעמ דערפל, פונ וועלכנ מע האָט זיי מאָרגנ געדאַרפט ארויסטרײַבנ. ער האָט געקוקט


2047—6

אַף דעם דאָזיקן דערפֿל, סירגולי, אַף די עטלעכע רייען כאַטקעס אַפּן
הויכן ברעג באַם פֿאַרפֿרירענעם טײַכל און געטראַכט וועגן די מענטשן,
אונדזערע מענטשן, וואָס וווינען דאָרט און וועלכע מע וועט מאָרגן באַ-
פֿרײַען. „אַ לעבעדיקן דײַטש פּאַקן איז איצט זייער נייטיק“, — האָט
סירגולי געטראַכט און, שמייכלענדיק אין דער שטיל צו זיך אַליין, גע-
פּרוּווט זיך פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ דײַטש ער וועט דאָס מאָל פּאַקן.
אַנומלטן האָט ער געפּאַקט איינעם, איז ער געווען אַ דאַרער, ווי אַ
כאָרט, נאָר אַ געזונטער, און ער האָט זיך געביסן. גוט, וואָס ער האָט
אים דאַן אַ כאַפּ געטאָן פֿאַרן האַלדז, אַזוי, אַז יענער האָט זיך ניט
געקאָנט קערעווען. און איוואַן נעדילקאָ האָט אַנומלטן געכאַפּט אַ דײַטש,
איז בײַ אים דאָס מויל נאָך געווען פֿאַרשמירט מיט געלן פֿון דער פּרעזשעניצע,
וואָס ער האָט געהאַט געגעסן... — די דאָזיקע געדאַנקען האָבן אים דערוואַ-
רעמט, סירגולין, ער האָט געפּויזעט אין שניי און ניט געפֿילט די קעלט.
ער האָט געפֿונען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט, — דעם דראָט פֿון
אַ דײַטשישן פֿעלד-טעלעפֿאָן. ער האָט זיך געצויגן צווישן שיטערע קוס-
טעס. טימאָשע האָט זיך עטוואָס אויפֿגעהויבן אַף די הענט און אַ קוק
געטאָן אַרום. דאָ איז געווען ניט קיין הויך שניי-בערגל. אַהין האָט ער
פּאַמעלעך צוגעפּויזעט, פֿאַרקערנדיק קונציק די שפּורן אין שניי. ער איז
געלעגן און געוואַרט. ער האָט זיך געהאַט זײַן רעכענונג דערבײַ. זאָל
דער ווינט אויך אַ ביסל פֿאַרווייען זײַנע שפּורן. ער האָט העכער די
קני זיך אַליין אײַנגעגראָבן אין שניי, און בלויז דאַן האָט ער מיט אַ
מעסערל איבערגעשניטן דעם טעלעפֿאָן-דראָט און די עקן אומיסטן פֿאַ-
נאַנדערגעוואָרפֿן אין ביידע זײַטן. אַהער האָט עמעץ פֿון די דײַטשן גע-
מוזט קומען פֿאַריכטן דעם דראָט.

ס'איז אים אויסגעקומען ליגן לאַנג. ס'האָט שוין אַפֿילע אין דערפֿל
אַ קריי געטאָן אַן אײַנייִנציקער האָן, פֿון ערגעץ האָט אים קיין קריי
ניט געענטפֿערט. ס'האָט זיך געהערט אַ בילן פֿון הינט. סירגולי האָט
שוין מיט פֿאַרדראָס אַפֿילע געטראַכט, אַז מע וועט אַהער ניט קומען
פֿאַריכטן דעם דראָט, אָדער מע וועט קומען, נאָר באַטאָג. אָבער ער האָט
זיכער געוווּסט, אַז קומען מוז מען גראָד איצט, ביז עס ווערט ליכטיק.
און טאַקע — ער האָט דערהערט טריט, פֿאָרזיכטיקע, קעצישע. ער האָט
אָנגעשטרענגט די ריִע און דערזען דעם דײַטש, וואָס איז אַהער געגאַנ-
גען. אַהאַ, יענער האָט אַן אײַל געטאָן — ער האָט געפֿונען דעם איבער-
געריסענעם דראָט. ער האָט זיך, אַפּאָנעם, דערפֿרייט, דער דײַטש, ער
האָט גאָר אין פֿאָרזיכטיקייט פֿאַרגעסן. ער איז געגאַנגען קימאַט אין פֿולן
וווּקס, שלעפּנדיק נאָך זיך איין עק פֿונעם דראָט און זוכנדיק דעם
צווייטן. אָט האָט ער דעם צווייטן עק אויך געפֿונען. ער איז דורכגע-

גאנגענ גאָר נאָענט אינ די קוסטעס לעבנ סירגולינ. טימאָשע האָט פארטײַעט דעמ אָטעמ, ער האָט די אויגנ ניט אראָפּגעלאָזט פונעמ דײַטש, אָנגעשפּארט זיכ מיט די הענט אונ מיט די קני אינ אײַנגעטאָפּטשעטנ שניי, גרייטנדיק זיכ אינ איינ אויגנבליק אופשפּרינגענ אונ ארופווארפנ זיכ אפ אים.

דער דײַטש האָט זיכ צוגעזעצט אונ גענומענ צונויפבינדנ דעמ דראָט. ער האָט געײַלט. ער האָט זיכ ארומגעקוקט אינ די זײַטנ. ער איז געווענ א פינפ שפּאנ פונ טימאָשענ. א רגע — טימאָשע האָט זיכ א הייב געטאָנ אונ איז שוינ געזעסנ רײַטנדיק אפנ דײַטש. ער האָט מיט די קני אימ צונויפגעפרעסט, ווי אינ צוואנגענ, די הענט, אינ איינ ווײַלע האָט ער אימ פארוקט א שמאטע אינ מויל אונ געבונדנ די הענט. ער האָט אימ א שטויס געטאָנ אינ פלייצע, נאָר דער דײַטש וויל ניט פויזענ. האָט סירגולי אימ געבונדנ די פיס אויכ אונ גענומענ שלעפנ פארנ פּאסיק איבערנ שניי. שוינ העט נאָכנ אקאציע-וועלדל האָט סירגולי אימ פאנאנדערגעבונדנ די פיס. דאָ האָט דער דײַטש שוינ געפאָלגט אונ איז געגאנגענ, וווהינ טימאָשע האָט אימ געהייסנ.

צו סאוועטשענקאָנ איז טימאָשע סירגולי מיטנ דײַטש געקומענ, ווענ ס'האָט שוינ געבלויט אפ טאָג. דאָס קעראָסינ-לעמפּל, וואָס איז געהאנגענ אפ דער סטעליע, איז איצט געשטאנענ אפנ טיש. סאוועטשענקאָ איז געזעסנ בא א צעוויקלטער מאפּע.

— אהא... א גוט-מאָרגנ, טימאָשע! — האָט סאוועטשענקאָ געזאָגט, אופשטייענדיק פונ זײַנ אָרט, אונ דערלאנגט דעמ אויסשפּירער א גרויסע, ברייטע האנט. — האָסטו געבראכט, הייסט עס, דעמ צוגעזאָגטנ דײַטש?.. זייער פײַנ, זייער פײַנ... — ער האָט באטראכט דעמ געפאנגענעמ, וואָס איז געשטאנענ בא דער טיר א דערפרוירענער, אינ א לײַכט שינעלעכל, דורכויס אנ אויסגעקאטשעטער אינ שניי. — נאָר וויי, וואָס וועסטו טאָנ, כאווער סירגולי, — סאוועטשענקאָ האָט ברייט צעצויגנ אינ א שמייכל די וואָנצעס, — דער דײַטש גייט דאָכ אינ א זומערדיקער פילאָטקע! וואָס וועסטו אָנטאָנ?

— אונ איכ האָב דאָס פאָרויסגעזענ, — האָט סירגולי זיכ צעשמייכלט, — אָט דאָס וועל איכ טראָגנ! — אונ ער האָט ארויסגעשלעפּט פונ בוזעמ א שווארצע, צעקנייטשטע פאפּאכע. — כ'האָב פונדעסטוועגנ זי אָפּגעזוכט אינ וועלדל...

— אזוי גאָר? נו, איז טראָג שוינ טאקע בעסער דײַנע. איכ האָב דיר שוינ געהאט אָנגעגרייט א נײַע פאפּאכע... אָט ליגט זי אפנ טיש... כ'האָב דאָכ געוווסט, אז א דײַטש וועסטו ברענגענ...

דער קאָמאנדיר אונ דער אויסשפּירער האָבנ זיכ געטראָפנ מיט וואַרעמע, שמייכלענדיקע בליקנ. אינ דער שפּארונע פונויבנ, איבערנ פארהאנגענעמ פענצטער האָט זיכ אוועקגעלייגט א בלוי פּאסיקל פונעמ אָנקומענדיקנ טאָג.

## וואָנצעס

אויסגעלאָזט האָט זיכ, אז ארטעמ בוזולוק האָט טאקע פונקט אזעלכע וואָנצעס, ווי דער קאָמאנדיר פונ דיוויזיע סאווטשענקאָ. ער איז ביכלאל צו אימ ענלעכ, אונ טוט ער נאָכ אָנ די בורקע, וואָס ער האָט-ערגעצ דערטאפט, אונ די פאפאכע מיטנ רויטנ דעניק, — איז עס סאווטשענקאָ, אונ אנ עק. ס'טרעפט, אז א נײַער שלאכטמאנ, וואָס האָט בעסאכאקל איינ מאָל, צוויי מאָל געזענ סאווטשענקאָנ, נעמט אָנ בוזולוקנ פארנ קאָמאנדיר פונ דיוויזיע, גיט אימ אָפ א ראפאָרט, טראָגט אימ אונטער א פארסאפעטער א דעפעש. אונ באווײַזט זיכ בוזולוק פונווײַטנס אפ זײַנ גניאדע פערד ארומ די סוב-אָפטיילנ, דארפ מענ זיכ גוט אײַנקוקנ אונ אימ צולאָזנ היפש נאָענט, קעדיי זענ, צי דאָס פאָרט ניט אהער דער קאָמדיוו. עמעס, סאווטשענקאָ וואָלט געקאָנט פאָרנ אפ א פערד פונ אנ אנדער מאסט, אָדער, פארקערט, באפוילנ דעמ נאטשכאָז בוזולוקנ בײַטנ זײַנ פערד. אינ דיוויזיע איז אָבער באוווסט, אז זינט איינעמ א צופאל האָט דער קאָמאנדיר פונ דיוויזיע אליינ אָפגעקליבנ פאר בוזולוקנ א פערד, אונ דאפקע א גניאדנ, ווי זײַנ דאָנטשאק, פונ דעמ זעלבנ בלוט אונ פונקט אזא הייס... אונ פונ דאנ אָנ פאָרט בוזולוק אפ דעמ דאָ-זיקנ פערד אונ טראָגט אינ זיכ די שטילע באגײַסטערונג פונ דעמ, וואָס ער איז טאקע ענלעכ צו סאווטשענקאָנ...

בוזולוק איז נאָכ געווענ צוזאמענ מיט סאווטשענקאָנ, ווענ יענער האָט געפירט בלויז א פאָלק פונ דער דאָזיקער דיוויזיע. בוזולוק איז דאנ געווענ נאטשכאָז פונ פאָלק. אָט דאנ טאקע האָבנ פיל שלאכטלײַט זיכ גענומענ פארלאָזנ וואָנצעס פונקט ווי באמ קאָמאנדיר פונ פאָלק. מע האָט אימ ליב געהאט, סאווטשענקאָנ, פאר זײַנ שטענדיקער ניט אויס-געלאָשענער מונטערקײַט, פאר זײַנ רויִקער ניכטערקײַט, וואָס האָט ניט איינ מאָל געראטעוועט דעמ פאָלק, ניט איינ מאָל געזיכערט אימ א זיג. אונ די מענטשנ, וואָס זײַנענ געגאנגענ נאָכ סאווטשענקאָנ, האָבנ מיט אלצ געוואָלט זײַנ ענלעכ צו אימ — אפילע מיט די וואָנצעס.

אינ איינעמ א שיינעמ טאָג האָט סאווטשענקאָ באמערקט, אז א גוטע העלפט פונ זײַנ פאָלק פארלאָזט זיכ וואָנצעס; בא ווענ די וואָנ-

צעס זײַנענ שוינ אונטערגעוואקסנ אונ זיכ גענומענ אויספורעמענ, אונ בא וועמענ ס'איז בלויז געווענ אנ ערשטער אויסשיט פונ ניט קיינ אָפּגעגאָלטע האָר, ווי די וואָנצעס וועלנ זײַנ.

— אוכ, רוכעס שטרויענע! — האָט סאווטשענקאָ דאנ האלב ערנסט, האלב אינ א שפּאס זיכ אויסגעזידלט. — וואָס זשע, וועט איר בא מיר אלע זײַנ מיט וואָנצעס אונ קיינ איינ אָנוואָנצעדיקנ מיר ניט לאָזנ? אנו, גאָלט אָפּ די וואָנצעס! — האָט ער זיכ ארופגעוואָרפנ אפ א פּאָר צוואנציקיאָריקע דײַטער, אפ וועמענס קײַלעכדיקע, יונגנטלעכ-ראָזע פּענעמער די וואָנצעס זײַנענ געווענ ווי צוגעקלעפּט. — וואָס איז דאָס פּאר א מינ? קענענ נאָכ ניט קרייענ אונ בלאָזנ זיכ שוינ...

עטלעכע שלאכטלײַט, וואָס האָבנ זיכ פארלאָזט וואָנצעס אונ אויסגעזענ דערמיט סאָלידער, איז ער פארבײַגעגאנגענ מיט א שטרענגער אָנגעבלאָזנקײַט, אומבאמערקט באטראכט זיי אונ גאָרנישט געזאָגט. ער האָט זיכ אָבער באצויגנ שטרענג צו די „וואָנצעניקעס”, אכטונג געגעבנ, אז די וואָנצעס זאָלנ בא זיי זײַנ וואָנצעס, ניט סטאם אזוי קיינ הענגענדיקע קלאָטשע, ער פלעגט אפילע מער פאָדערנ פונ אזעלכע, וואָס האָבנ זיכ פארלאָזט וואָנצעס, זיי גיכער געשיקט אינ אויסשפּיר, אינ פאראנטוואָרטלעכע רייסנ. נאָר די וואָנצעס זײַנענ בא יעדערנ געוואקסנ עפּעס אנדערש, ניט ווי בא סאווטשענקאָנ. בא וועמענ זיי האָבנ זיכ אויסגעשאָטנ אפ דער אויבערשטער ליפּ, ווי סטארטשענדיקע, שטרויענע סטערניע, ניט אהער אונ ניט אהינ, בא וועמענ זיי זײַנענ געוואקסנ אראָפּ אונ בעשומויפנ זיכ ניט פארדרייט בא די שפּיצנ אונ בא וועמענ זיי האָבנ זיכ געצויגנ, ווי א דינ פאסיקל אפ דער אויבערשטער ליפּ, שיטערע, אָרעמע... צו ביסלעכ האָט מענ זיי אראָפּגענומענ. אינ די הייסע שלאכטנ איז קיינ צײַט ניט געווענ אכטונג צו געבנ אפ די וואָנצעס.

נאָר מער פונ אלצ האָט סאווטשענקאָ זיכ פארוווּנדערט, ווענ ער האָט דערזענ, אז זײַנ „אָבאָזניק”, דער ווירטשאפט-נאטשאלניק, בוזולוק, פארלאָזט זיכ וואָנצעס.

— נאָכ וואָס דארפסטו זיי? — האָט סאווטשענקאָ זיכ אָנגעשטעלט אפ אימ מימ אויסגעקײַלעכטע, לאכנדיקע אויגנ. — נאָ, נאָ, נאָ! אָט ווּהינ די וואָנצעס האָבנ שוינ אריבערגעוואנדערט, אינ אָבאָז... וואָלסט זיי עפּשער אָפּגעגאָלט, בוזולוק?

נאָר בוזולוק איז געווענ אנ אקשנ. א הויכער, פונקט ווי סאווטשענקאָ, א ברייטער אינ די אקסל, מיט א ברוינ, לענגלעכ געזיכט, האָבנ שוינ די קוימ-אָנגעמערקטע וואָנצעס אימ געפּאסט, אימ צוגעגעבנ עפּעס א מער מוטיק אויסזענ, שטרענגקײַט.

— וואָלסטו ניט געווען קיין „אָבאָזניק”, וואָלט איך דיר געגעבן א באטאליאָן,— האָט סאווטשענקאָ געשפאסט,— ביסטו דאָך אָבער אויסגעקאָכט אין קיך-זאכן און אין סקלאד-איניאָנים. איך מוז דיך האָבן אין אָבאָז. אפ מײַן וואָרט, אז דו דארפסט ניט די וואָנצעס...

אָבער בוזולוק האָט געשוויגן, שטיל געשמייכלט מיט א ווינקל מויל, ווי די שווארצע וואָנצעס האָבן זיך שוין גענומען אויפֿלייגן אין שפּיציקלעך. און די וואָנצעס זײַנען געוואקסן, ווי אפצעלאָכעס, שווארצע, געדיכטע, פונקט ווי בא סאווטשענקאָן, פארדרייט זיך אזוי בראוו בא די שפיצן, אז זיי האָבן שיר צו די באקן ניט דערלאנגט. בוזולוק האָט שטאָלץ געטראָגן זײַן קאָפּ אין פּאָלק-אָבאָז, פון דער נײַער פארטיע בורקעס האָט ער אויך זיך איינע גענומען, און די פאפאכע פונקט אזוי אין א זײַט, ווי סאווטשענקאָ, געטראָגן...

— אָט א שעד,— האָט סאווטשענקאָ געלאכט,— פונקט ווי מײַנער א שאָטן...

— איך וואָלט אים אמאָל געשיקט אין אטאקע פאר זיך,— האָט עמעצ פון די קאָמאנדירן געפּרוווט א שפאס טאָן.

— הי, ער וואָלט באלד די וואָנצעס אָפּגעגאָלט, איך קען די אָבאָזניקעס...

ס'איז אָבער אויסגעקומען בוזולוקן געפּרוווט ווערן מיט די וואָנצעס, און ער האָט ניט פארשעמט סאווטשענקאָן. סאווטשענקאָ האָט שוין דאן קאָמאנדעוועט מיט דער גאנצער דיוויזיע. ס'האָט זיך באקומען אזוי, אז דער אָבאָז פונעם פּאָלק, ווו בוזולוק איז געווען נאטשכאָז, האָט זיך געפונען אין אומגעגנט פון די פײַער-פּאָזיציעס פון א צווייטן פּאָלק, א קילאָמעטער זעקס אין א זײַט. בוזולוק, וואָס איז אין אָוונט ארויסגערופן געוואָרן אין פּאָלק, האָט קאיאָר זיך אומגעקערט אפ זײַן פערדל צום אָבאָז. ער איז געפּאָרן א ביסעלע פארטראכט, ווײַל ער האָט אין די דערבײַיקע באלקעס און טאָלן געזוכט א פאסיק אָרט פאר די פוראזש-פורלעך, פאר דער קיך. פּלוצעם האָט איבער זײַן קאָפּ דורכגעפײַפט א קויל, פון הינטער די קוסטעס, א שפאן צען פון אים האָבן זיך געגעבן א הייב־אופ דרײַ דײַטשישע סאָלדאטן און זיך געלאָזט לויפן צו אים:

— כאלט, כאלט! סאווקא, סדאוואיס! — האָבן זיי גענומען שרײַען.

בוזולוקס פערדל האָט זיך היפש דערשראָקן פונעם פּלוצעמדיקן שאָס, ס'האָט אליין זיך געגעבן א קערעווע-אויס, און ביז דער נאטשכאָז האָט אָפּגעשפיליעט די קאָבורע פון פּיסטאָלעט, האָט עס אים שוין געטראָגן איבערן פעלד. די דײַטשן זײַנען נאָכגעלאָפן, געמאכט מיט די הענט און געשריִען:

— סאווקא, סדאוואיס!

זיי האָבן געשאָסן, די קוילן האָבן געפּײַפט פאַרבײַ בוזולוקס אויערן, נאָר אים ניט פאַרטשעפּעט. און מיטאמאָל האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, ס'האָט אים אזש אין א שווייס אַרײַנגעטריבן. די דײַטשן מיינען אפ אים, אז דאָס איז דער קאָמאַנדיר פון דיוויזיע, סאווטשענקאָ, און ווילן אים נעמען לעבעדיקערהייט, דאָס שרעקן זיי אים נאָר אזוי מיטן שיסן. בוזולוק האָט מיט די שפּאָרעס זיך אײַנגעשניטן דעם פערד אין בויך. ס'איז געלאָפן, ווי א וויכער. „כ'וועל אנטלויפן" — האָט ער געטראַכט, הערנדיק ווי ס'דערווײַטערן זיך אַלץ מער די געשרייען פון די דײַטשן.

נאָר פּלוצעם איז דאָס פערד א פאַל געטאָן מיט דער מאָרדע גלײַך אין א סקירדע. א קויל האָט עס פאַרשניטן. בוזולוק האָט קוים באַוויזן אַראָפּשפּרינגען פון דעם און ארויסכאַפּן די פוס פון זאָטל. „כ'וועל אײַך ווײַזן א סאווקא!" — האָט מיטאמאָל אין אים א זאָט געטאָן א קאָס. — „א לעבעדיקן וועט מען מיך ניט נעמען". ער האָט א פאַל געטאָן לעבן פערד און ארויסגעשאָסן אין די דײַטשן. איינער האָט זיך איבערגעקערט. איצט זײַנען אפ אים געלאָפן צוויייען, זיי האָבן זיך גענומען גאַנוועענען צווישן די קאָפּיצעס פאַרלעגערטער טוווע, געפּויזעט, זיי האָבן אים אַלץ געוואָלט כאַפּן א לעבעדיקן.

בוזולוק האָט געשפּאָרט די קוילן. די דײַטשן האָבן געפּויזעט זייער פאָרזיכטיק, ער האָט אָבער געכאַפּט דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן זיך ביידע פאַרבאַהאַלטן הינטער קאָפּיצעס און האָט אַלייִן אויך געגעבן שנעל א פּויזע-איבער צו צוויי קאָפּיצעס אין א זײַט. איצט האָבן די דײַטשן שוין ניט געוווּסט, ווו ער איז. און טאַקע — היטנדיק זיך, אז דער שאָס זאָל ניט קומען פון הינטערן געהאַרגעטן פערד, האָט איין דײַטש עטוואָס ארויסגערוקט דעם קאָפּ לינקס פון אהינטער זײַן קאָפּיצע און א געשריי געטאָן:

— סאווקא, סדאוואיס! כאַלט, סאווקא!

„נא דיר!" — האָט בוזולוק פאַרביסן א ברעג וואָנצע און אויסגעשאָסן. דער דײַטש איז ליגן געבליבן מיטן קאָפּ אפ דער קאָפּיצע.

איצט איז בוזולוק פאַרבליבן איינס אפ איינס מיט א דײַטשישן סאָלדאַט, וואָס איז געווען א שפּאַן דרײַסיק פון אים. דער דײַטש האָט היפּש מוירע געהאַט: בלויז פאַרן נאָמען סאווטשענקאָ האָבן די דײַטשן געציטערט. דער דײַטש האָט געשאָסן אָן אופהער, ניט צילנדיק זיך. „ציטערסט, שעד, טרייסלסט זיך!" — האָט בוזולוק געטראַכט. און מיטאמאָל האָט ער זיך געגעבן א גלײַך-אויס, האָט צוויי מאָל אויסגעשאָסן אין דער קאָפּיצע, ווו דער דײַטש האָט זיך פאַרבאַהאַלטן, און א געשריי געטאָן:

— אנו, גיי ארויס! — זאָגט פּונקט ווי סאַוושענקאָ אים פּאַרקאַטשעט אין דעם רוכס מאַמענ אַרײַן — די הענט אַרופּ, היטלערישע מאָרדע!

דער דײַטש איז אַ ציטערנדיקער אַרויסגעקראָכן פון הינטער דער קאָפּיצע אפ אַלע פיר, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעגלײַכט אפ די אונטערגעבויגענע קני און אופגעהויבן די הענט. ער האָט מעוווּלוול, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, געקוקט אפן וואָנצעדיקן נאַטשכאָז.

דעם געפאַנגענעם האָט בוזולוק געבראַכט גלײַך צום קאָמאַנדיר פון דיוויזיע, ער האָט אים קיינעם ניט געוואָלט איבערגעבן, ער האָט געבראַכט צו טראָגן אפ זיך דרײַ ביקסן און דעם זאָטל פון זײַן פערד.

און אָט דאַן, ווען סאַוושענקאָ האָט אויסגעהערט די גאַנצע געשיכטע, האָט ער געזאָגט בוזולוקן:

— אָט איצט ביסטו ווערט די וואָנצעס. זאָלסט זיי טראָגן, ביז זיי וועלן בא דיר סיוו ווערן! — און ער איז מיט אים אוועקגעגאַנגען, דער קאָמאַנדיר פון דיוויזיע, און האָט אים אָפּגעקליבן אַ הייס, גניאַדע פערד, פּונקט ווי זײַן דאָנטשאַק. און טאַקע דאָרטן האָט ער אים אַ קוש געטאָן, בוזולוקן, אַזוי אַז אַלע רײַטער האָבן דאָס געזען. זיי האָבן זיך צוגעטוליעט איינס צום צווייטן מיט די שוואַרצע וואָנצעס און זיך פעסט אַרומגעכאַפּט מיט די הענט.